וולאדימיר גראָסמאן

# אין
# אַ נייער וועלט

פּאַריז
1974

די אַרטיקלען אין בוך זענען אויסגעסדרט לויט דער כראָנאָלאָגיע פון זייער דערשיינען, אַ חוץ קליינע אויסנאַמען, וואָס זענען צווישן זיך טעמאַטיש פאַר־בונדן. אַרטיקלען אָן אַ דאַטע ווערן פאַרעפנטלעכט צום ערשטן מאָל.

# וועלט־פּאָליטיק

דאָס איז דער המשך פון מיין בוך „וועלט־יידנטום אין דער וועלט־פּאָליטיק". מען פרעגט מיך וואָס איז דער זין פון דעם באַמען פונעם בוך. אַנשטאָט אָנהייבן דערציילן מיין געדאַנקען־גאַנג און דעם צוועק פון אַרויסגעבן אַזאַ בוך, וויל איך דאָ ברענגען אַ קאָנקרעטן פאַקט פון גרויסער וויכטיקייט, הויפּטזאַכלעך פאַר דעם יידישן לייענער.

אין 1973 איז אין שטאָקהאָלם, די הויפּטשטאָט פון שוועדן, דערשינען אַ באַנד מעמואַרן פון דעם באַקאַנטן שוועדישן דיפּלאָ־מאַט גונאַר העגלעף, געוועזענער שוועדישער אַמבאַסאַדאָר אין מאָס־קווע, אין לאָנדאָן און שפּעטער איינער פון די שוועדישע דעלעגאַטן אין דער אָנ"ו אין ניו־יאָרק. דאָ האָט ער געהאַט צו טאָן מיט דער אַרבעט פון דעם קאָמיטעט, וואָס האָט געדאַרפט צוגרייטן דעם פּראָיעקט פון דער גרינדונג און אנערקענונג פון מדינת ישראל. די אָפענע פאַרהאַנדלונגען און דעבאַטן אַרום דעם גאַנצן ענין פון טיילן פּאַלעסטינע אויף אַ יידישער און אַראַבישער מלוכות זענען געווען געגנוג שטורמישע. די אָפענע פאַרהאַנדלונגען זענען באַגלייט געוואָרן פון אַ סך געהיימע קאַמפן און איינפלוסן. העגלעף, אַ גרויסער פריינד פון די אַראַבער, האָט געהאַט זיין אייגענע מיינונג וועגן די פאַרשידענע פּראָבלעמען וואָס זענען ניט געווען אין גאַנצן אין הסכם מיט די אינסטרוקציעס וואָס ער האָט מיטגעבראַכט קיין ניו־יאָרק פון זיין רעגירונג אין שטאָקהאָלם. איך האַלט פאַר וויכ־טיק צו ברענגען דאָ אַ גרעסערן אויסשניט פון דעם קאַפּיטל אין

העגלעפ׳ס זכרונות אין וועלכן ער דערציילט אויספירלעך וועגן די אַלע פאַרהאַנדלונגען. דער ענין געהערט שוין טאַקע צו דער געשיכטע, אָבער ער האָט ניט פאַרלוירן ביז צום היינטיקן טאָג זיין אַקטואַליטעט. דער ענין און פאַרשידענע אַקטועלע קאָמפּליקאַציעס אין דעם נאָענטן מזרח היינט צו טאָג געהערט צו דעם וואָס מיר רופן אָן מיטן נאָמען „וועלט־יידנטום אין דער וועלט־פּאָליטיק״.

דער געוועזענער שוועדישער דיפּלאָמאַט גונאַר העגלעף דערציילט אין זיינע זכרונות (זייטן 130 — 137):

„אין אַפּריל 1947 בין איך פּלוצלינג געשיקט געוואָרן קיין ניו־יאָרק צוליב דעם וואָס די גענעראַל־פאַרזאַמלונג (פון דער אָנ״ו) האָט געזאָלט באַהאַנדלען די פראַגע וועגן פּאַלעסטינע. אייגנטלעך איז דאָס געווען אַן איבערראַשונג וואָס ענגלאַנד האָט איבערגעגעבן דעם ענין צו דער גענעראַל־פאַרזאַמלונג און נישט צו דעם זיכערהייטס־ראַט. האָט מען דען ניט אויסדריקלעך באַשלאָסן אויף דער קאָנפערענץ פון 1944 **(Dumbarton-Oaks)** און אין 1945 אויף דער קאָנסטיטואירנדיקער קאָנפערענץ אין סאַן־פראַנציסקאָ, אַז אַלע ברענענדע פּאָליטישע פּראָבלעמען זאָלן פריער פון אַלץ באַטראַכט ווערן פון דעם זיכערהייטס־ראַט? קיינער — און אוודאי ניט די בריטישע רעגירונג — האָט ניט געקאָנט באַטראַכטן אַנדערש די פּאַלעסטינע־פראַגע אַלס אויסערגעוויינטלעך ברענענדע. עס איז גראָדע געווען דעמאָלט ווען די פראַגע האָט באַקומען אַן עקספּלאָזיוון כאַראַקטער און ענגלאַנד האָט באַשלאָסן אויפגעבן דעם מאַנדאַט איבער פּאַלעסטינע. דער גרונד פאַרוואָס ענגלאַנד האָט זיך געווענדעט צו דער גענעראַל־פאַרזאַמלונג איז געווען קלאָר: די ענגלענדער האָבן מורא געהאַט, אַז רוסלאַנד וועט זיך אין דעם זיכערהייטס־ראַט באַנוצן מיט דעם וועטאָ־רעכט און בלאָקירן די באַהאַנדלונג פון דער פּאַלעסטינע־פראַגע. מען איז בכלל געווען ניט זיכער וועגן דעם, וואָס פאַר אַ שטעלונג רוסלאַנד וועט פאַרנעמען אין דער פּאַלעסטינע־פראַגע.

„ווען איך בין אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק האָב איך דאָרט באַלד געטראָפן דעם אַמעריקאַנער דעלעגאַט הערשעל דזשאָנסאָן,

געוועזענער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר אין שטאָקהאָלם. ער האָט מיך געפרעגט צי איך ווייס וועגן רוסלאַנדס שטאַנדפּונקט אין דער פּאַלעסטינע־פראַגע. איך בין דאָך געקומען דירעקט פון מאָסקווע, אָבער איך האָב אים געמוזט זאָגן, אַז קיין רוסישער מענטש וואָס פאַרנעמט אַ פאַראַנטוואָרטלעכן פּאָסטן וועט איצט ניט זאָגן וואָס רוסלאַנד׳ס שטעלונג וועט זיין אין דער פּאַלעסטינע־פראַגע. מיין פּערזענלעכע מיינונג איז, אַז רוסלאַנד וועט זיין אויף דער אַראַבישער זייט, ערשטנס, ווייל דער יידישער צד שטיצט זיך אַלץ מער אויף אַמעריקע, און צווייטנס, אַז מאָסקווע וויל פאַרשטאַרקן איר פּאָזיציע אין מיטעלן מזרח און האָט דאָס שוין לאַנג מאַניפעסטירט.

„ווען גראָמיקאָ האָט מיט עטלעכע טעג שפּעטער איבערגע־לייענט די סאָוויעטישע דעקלאַראַציע וואָס איז געווען פּונקט דער היפּך פון דעם וואָס איך האָב געמיינט האָט הערשעל דזשאָנסאָן געשמייכלט צו מיר און באַוויזן אויפן פּאַפּיר מיט דער טאָג־אָרדענונג״.

דער פּאַראַגראַף אין גונאַר העגלעפ׳ס מעמואַרן האָט אַ ספּע־ציעלע באַדייטונג. דער שוועדישער דיפּלאָמאַט איז אויף אַזוי פיל געווען פּראָ־אַראַביש, אַז ער האָט זיך באַזעצט נאָך זיין דינסט אין אַן אַראַבישן לאַנד, דוכט זיך אין לבנון. זיין סימפּאַטיע פאַר פּאַן־אַראַביזם האָט אים דיקטירט זיין „ווישפול טינקינג״, זיין גאַנצן געדאַנקען־גאַנג און דערפאַר האָט ער איבערגעשאַצט די סאָוויעט־רוסישע סימפּאַטיעס פאַר די אַראַבער און זייער דראַנג צו פאַר־שטאַרקן די רוסישע פּאָזיציע אין מיטעלן אָריענט. דער טאַקט פון אַ געוועזענעם אַמבאַסאַדאָר האָט אים פאָרט געצוווּנגען צו זיין פּאָרזיכטיק אין דעם געשילדערטן שמועס מיט דעם אַמערי־קאַנער דיפּלאָמאַט. עס איז ניט שווער צו פאַרשטיין, אַז אַזעלכע עפּיזאָדן האָבן געמוזט זיין ניט וויכטיק אין זיין דיפּלאָמאַטישער קאַריערע. מיר וועלן אָבער ניט פאַרטיפן זיך אין דעם פּאַלעס־טינער עפּיזאָד און וועלן אָנגיין מיט זיין דערציילונג. העגלעף שרייבט:

— „די יידישע אַגענץ — The Jewish Agency — וואָס האָט אַלץ מער אָנגענומען דעם כאַראַקטער פון אַ פּראָוויזאָרישער רע־גירונג, האָט באַשטימט פאַר יעדער דעלעגאַציע פון די גרויסמאַכטן איינעם פון זייערע גאָר טיכטיקע מיטאַרבעטער. דער וואָס איז באַשטימט געוואָרן פאַר דער סאָוויעטישער דעלעגאַציע איז געווען דער אין רוסלאַנד געבוירענער אליהו אילת וואָס איז שפּעטער געוואָרן דער אַמבאַסאַדאָר אין וואַשינגטאָן און לאָנדאָן. מיר האָט ער געזאָגט, אַז די סאָוויעט־רוסישע דעלעגאַציע און אויך גראָ־מיקאָ האָבן ביז צו דער לעצטער מינוט ניט געוווּסט גענוי וואָס וועט זיין די שטעלונג פון דער רוסישער רעגירונג. ערשט עטלעכע טעג פאַר דעם אָנהייב פון דער דעבאַטע אין דער גענעראַל־פאַר־זאַמלונג איז פון מאָסקווע אָנגעקומען אַ זייער לאַנגער טעלעגראַם און גראָמיקאָ האָט זיך אָפּגעשלאָסן צוזאַמען מיט זיינע מיטאַרבעטער כדי אויסצואַרבעטן דעם טעקסט פון דער קומענדער רוסישער דע־קלאַראַציע״.

אין איינעם פון די קאָמיטעטן וואָס זענען געווען פאַרנומען מיט אויסאַרבעטן אַ רעזאָלוציע אין דער פּאַלעסטינע־פראַגע האָט דער שוועדישער דיפּלאָמאַט געהאַט דעם זכות צו זיצן צווישן צוויי אַראַבער, ביידע באַרימטע, איינער איז געווען דער היינטיקער סאַוד אַראַבישער קעניג פייסאַל, דעמאָלט נאָך ניט קיין קעניג, און דער צווייטער, פאַריס על כובי, דער סירישער „גראַנד אָלד מען״. דערביי מאַכט העגלעף אַ פאַר באַמערקונגען וועגן דער געוווינהייט פון די אַראַבישע רעדנערס בכלל צו האַלטן לאַנגע ליידנשאַפטלעכע דרשות וואָס האָבן דערמיט נאָר געהאָלפן די יידן. ער האָט דער־מיט ניט געמיינט זיינע צוויי פּראָמינענטע שכנים. פאַרקערט, ער זאָגט, אַז פייסאַל וואָס מאַכט אַזאַ פיינלעכן איינדרוק (העגלעף זאָגט: „אַזאַ אָפּשטויסנדיקן איינדרוק — אַפּוויזאַנדע״) האָט זיך אַרויס־געוויזן צו זיין אַ קלוגער און ווייטזעענדיקער פּאָליטיקער.

העגלעף איז געווען באַשטימט פאַר דעם פאָרזיצנדן פון דעם קאָמיטעט וואָס האָט געדאַרפט צוגרייטן דעם סטאַטוס פון ירושלים. זיין פערזענלעכע מיינונג איז געווען, אַז אַזוי ווי ירושלים איז אַ

הייליקע שטאָט פאַר מיליאָנען יידן און הונדערטער מיליאָנען קריסטן און מחמדאַנער דאַרף די שטאָט האָבן דעם סטאַטוס פון אַן אינטערנאַציאָנאַלן פלאַץ. דאָס האָט געפירט צו אַ צוזאַמענ־שטויס צווישן אים און דעם יידישן דעלעגאַט משה שרת, וועלכער איז געווען שפּעטער ישראל׳ס אויסערן־מיניסטער, פון 1948 ביז 1956 און פּרעמיער־מיניסטער פון 1954 ביז 1955. גונאַר העגלעף דערציילט :

„אַז די יידישע אַגענץ איז געווען איריטירט פון דעם פּלאַן צו אינטערנאַציאָנאַליזירן ירושלים האָב איך באַקומען זייער קלאָר צו וויסן. אין איינעם פון די קאָנפערענץ־זאַלן האָט זיך פּלוצלינג צו מיר געווענדט דער אויסערן־מיניסטער פון דער יידישער אַגענץ משה שרת. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער איז דערשטוינט פון דער ענערגיע כדי אויסצואַרבעטן אַ פּראָיעקט פון מיר פאַר אַן אינטערנאַציאָנאַלן רעזשים פאַר ירושלים. ווען איך האָב אים געפרעגט פאַרוואָס איז ער דערשטוינט, האָט ער מיר דערקלערט אַז די שוועדישע רעגירונג טיילט בכלל ניט מיין מיינונג. ווען איך האָב געענטפערט, אַז אין יעדן פאַל בין איך דער דעלעגאַט פון דער שוועדישער רעגירונג און רעפּרעזענטיר די שוועדישע רע־גירונג, האָט שרת מיר געזאָגט, אַז „זיינע מענטשן״ האָבן אַ די־רעקטן קאָנטאַקט אין שטאָקהאָלם מיט מיטגלידער פון דער שווע־דישער רעגירונג, גאַנץ באַזונדערס מיט גוסטאַוו מעלער *). ער, שרת, קאָן מיך אינפאָרמירן, אַז די שוועדישע רעגירונג איז גאָר־ניט איבערצייגט אַז דער געדאַנק וועגן אינטערנאַציאָנאַלן סטאַטוס איז אַ ריכטיקער און דערפאַר איז זי קריטיש צו מיינע אַקטיוויטעטן אַלס פאָרזיצנדער פון דעם ספּעציעלן קאָמיטעט. איך בין געוואָרן אויפגעבראַכט און געזאָגט אים, אַז אויב ער וויל קאָן

---

*) גוסטאַוו מעלער, ניט לאַנג געשטאָרבן, איז געווען סאָציאַל־מיניסטער, איינער פון די איינפלוסרייכסטע מיטגלידער פון דער שוועדישער רעגירונג.

ער געבן צו וויסן דער רעגירונג אין שטאָקהאָלם זיין שטאַנדפּונקט. איך גיי אָן מיט מיין אַרבעט לויט די אינסטרוקציעס וואָס איך האָב באַקומען".

**
*

דער גאַנצער ענין וועגן ירושלים און די אַראַבער איז היינט צו טאָג אַזוי אַקטועל ווי ער איז געווען מיט פינף און צוואַנציק יאָר צוריק, אויב ניט מער. עס איז שוין דאָ אַ גאַנצע ליטעראַטור וועגן דעם ענין און אַ מאַסע דאָקומענטן. איך האָב ניט געהאַט בדעה אויפצונעמען אין דעם בוך די געשיכטע פון דער פראַגע אין דער אָנ"ו. איך האָב געפונען פאַר וויכטיק צו ברענגען אויס־צוגן פון דעם דערשינענעם באַנד זכרונות פונעם שוועדישן דיפּלאָ־מאַט אַלס אַ קאָנקרעטן ביישפּיל פון אונדזער דירעקטן שייכות צו דער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק. דער געפערלעכער קריזיס פון דער נאַפט־אינדוסטריע אין די אַראַבישע לענדער, דער טע־ראָר פון די אַזוי־גערופענע „פּאַלעסטינענזער", אַ טעראָר וואָס ווערט פאַקטיש אינספּירירט און געדעקט פון די אַראַבישע לענדער, דער פּראָבלעם וועגן דעם סטאַטוס פון ירושלים, דאָס באַנוצן זיך מיט דעם סועץ־קאַנאַל, ווען ער וועט געבראַכט ווערן אין אָרדע־נונג און אַ סך אַנדערע כלומרשט זייטיקע און אונטערגעאָרדנטע פּראָבלעמען — דאָס אַלץ האָט אַ דירעקטע שייכות צו יידישע אינ־טערעסן אין דעם ברייטעסטן זין פון דעם אויסדרוק, דאָס הייסט, ניט נאָר פאַר מדינת ישראל נאָר פאַר דעם גאַנצן יידנטום, דאָס הייסט, ווו עס זאָל ניט זיין אַ יידישער ישוב און ווי גרויס אָדער ווי קליין דער ישוב זאָל ניט זיין.

דער נאָמען פון דעם געוועזענעם שוועדישן דיפּלאָמאַט איז ניט ניי פאַר מיר. איך מוז זאָגן, אַז איך בין ניט ווייניק דערשטוינט לייענענדיק זיינע זכרונות געשריבן אין אַ פאַרהעלטענישמעסיק רו־איקער שפּראַך. דאָס איז מסתמא אַ רעזולטאַט פון דעם, וואָס ער

איז אויסגעשפּראָכן פּראָ־אַראַביש און ער ווייסט וויפיל שפּאַנונג עס הערשט אין דער אַראַבישער וועלט גראַדע איצט, נאָך פאַר דער יום כיפּור־מלחמה.

דאָס איז אויך דער גרונד פאַרוואָס איך זאָג ווידער און ווידער:

— וועלט־יידנטום אין דער וועלט־פּאָליטיק!...

***

נייע צייטן, נייע אידעען, נייע מענטשן! דאָס יידנטום מוז זיך איינלעבן אין דער נייער וועלט!

לענין, סטאַלין, ברעזשניעוו אויף דעם טראָן פון די ראָמאַ־נאָווס. אַנשטאָט גרויס־בריטאַניע איז דאָ נאָר אַ „קאָמאָנוועלט״, אַ געמיינשאַפט פון פעלקער, אַלע סוווערען און אומאָפּהענגיק; אַנשטאָט דער צוזאַמענגעבראָכענער כינע אַן אמתער כינעזישער רעגנעסאַנס, גרייט צו אַ פאַרמעסט מיט דער רוסישער אימפּעריע: אַ מאָדערניזירטע דייטשלאַנד, געשפּאָלטן אויף צוויי טיילן; ביים מיטלענדישן ים איז אַ פולשטענדיקע פאַרענדערונג אין צפון־אַפריקע און אַ פערמאַנענטער אַמעריקאַנער פלאָט...

עס איז אַ פולשטענדיק נייע אינטערנאַציאָנאַלע לאַגע.

ווי איז דאָס אַלץ געשען אין פאַרלויף פון קנאַפּע הונדערט יאָר?

די צוויי וועלט־מלחמות, דער רוסישער בירגערקריג, היט־לעריזם און סטאַליניזם האָבן געשאַפן אַ נייע וועלט; פאַשיזם און רוסישער קאָמוניזם זענען געווען די ערשטע קאָנסעקווענצן, די ווייטערע קאָנסעקווענצן וועלן קומען, זיי זענען שוין אויפן וועג. די אַבסאָלוטע דעקאַדאַנס און פּאָליטישע דעמאָראַליזאַציע אין פראַנקרייך און דער אומדערוואַרטעטער פּאָליטישער אויפבוי פון מערב־דייטשלאַנד, דאָס פאַרשווינדן פון אימפּעריאַליזם און קאָ־

לאַניאַליזם און דאָס אומפאַרמיידלעכע פאַלן פון דעם סאָוויעטישן רעזשים זענען ניט נאָר סימנים פון אַ פונדאַמענטאַלער ענדערונג פון דער נייער וועלט, ס'איז דער אָנהייב פון אַ פולשטענדיקער באַנייאונג. עס איז אַ שווערער פּראָצעס און אַ לאַנג דויערנדיקער, אָבער ער איז, ווי געזאָגט, אומפאַרמיידלעך. די יידישע וואַנדערונג פון איין קאָנטינענט צום צווייטן, די גרינדונג פון אַ קליינער אָבער אַקטיווער יידישער מלוכה נאָך דער גרויסער און קאָסט־באַרער פאַרניכטונג פון מיליאָנען יידן האָט אַוועקגעשטעלט פאַר דעם וועלט־יידנטום גרויסע עקסיסטענץ־פּראָבלעמען; דאָס וועלט־יידנטום שטייט פאַר גרויסע אויפבוי־פּראָבלעמען. דאָס יידנטום האָט אויסגעהאַלטן דעם גרויסן עקזאַמען. אַסימילאַציע האָט אָפּ־געשפּילט איר ראָלע, זי איז ניט קיין סכנה פאַר דער עקסיסטענץ פון אונדזער פאָלק, אפילו ניט קיין פּראָבלעם. דער אַלטער דור איז פאַרשוווּנדן, דער נייער דור איז, ווי מיר זעען, שאַפעריש און זאַמלט אונדזער פאָלק, וואָס איז „צעזייט און צעשפּרייט". דאָס דאַרף מען גאָרניט באַווייזן. די סכנה פון אַסימילאַציע איז נאָר אַן אַרגומענט בשעת אַ פּראָפּאַגאַנדע־קאַמפּאַניע. ניט די, וואָס האָבן פאַרפאָלגט יידן האָבן זיך געוואָלט אַסימילירן מיט אונדז — זיי האָבן געוואָלט זען דעם אונטערגאַנג פון יידנטום, — ניט דאָס יידנטום האָט געהאַט ערנסטע אָדער באַטייטיקע באַוועגונגען פאַר אַסימילאַציע מיט אַנדערע פעלקער און קולטורן, באַוועגונגען, וואָס וואָלטן געווען אַ געפאַר פאַר דעם קיום פון אונדזער פאָלק. די געציילטע קרבנות פון איינרעדעניש, אַז דער שמד וועט זיי אויס־לייזן פון זייערע פערזענלעכע פּראַגן, ווי דאָס איז געווען דער פאַל מיט אונדזער גרויסן דיכטער היינריך היינע, האָבן שפּעטער באַ־דויערט זייער גאַנץ לעבן דעם איבערגאַנג צום קריסטנטום אָדער זענען בכלל אונטערגעגאַנגען און פאַרשוווּנדן. איינער פון מיינע פּראָפעסאָרן אין בערלין, דער באַרימטער דייטשער פיזיאָלאָג צונץ, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ רב אין אַ קליין שטעטל און האָט גע־רעדט מיט קנייטשן און זשעסטן פון אַ מגיד, האָט אפילו ניט געוווּסט, אַז דער נאָמען פון זיין משפּחה איז פאַרבונדן מיט דער

נאָבעלער פערזענלעכקייט פון דעם באַרימטן היסטאָריקער לעאָ־פּאָלד צונץ, דעם מחבר פון ווערק וועגן דער יידישער מאַרטי־ראָלאָגיע.

יידן זענען אויך ניט געווען קיין ליבהאָבער פון פּראָזעליטן, דאָס הייסט, פון מאַכן גויים פאַר יידן. מען האָט רעספּעקטירט גרים, אָבער מען האָט ניט געפירט קיין ספּעציעלע פּראָפּאַגאַנדע אָדער אַ באַוועגונג פון יידישע „מיסיאָנערן”. מיר זענען געווען שטענדיק פאַרפאָלגט און איזאָלירט.

***

דער אויסדרוק וועלט־יידנטום איז ניט קיין קינסטלעך צוגע־טראַכטע פאָרמולע, נאָר האָט אַ באַשטימטן זין און אינהאַלט. מיר האָבן שטענדיק געלעבט צווישן אַ סך פרעמדע פעלקער און האָבן זיך שטענדיק אַריינגעלעבט אין דער פרעמדער סביבה, אַריינגע־זאַפּט אין זיך געוויסע עלעמענטן פון פרעמדע קולטורן, אין פראַנק־רייך, אין דייטשלאַנד, אפילו אין רוסלאַנד, אויב מען מיינט אַז עס איז פאַראַן אַזאַ זאַך ווי „רוסישע קולטור”.

מיר זענען שטענדיק געווען אַ פיל־שפּראַכיק פאָלק. דערפאַר איז אונדזער ליטעראַטור אַ פילשפּראַכיקע, אויף מערערע פרעמדע שפּראַכן, ווייט ווייט פון יידיש און אוודאי גאָר ווייט פון העברעאיש. דאָס איז אַן אוצר...

נאַטירלעך, שפּראַך איז איינער פון די וויכטיקסטע עלעמענטן פון אַ פאָלקסקולטור, אָבער עס איז אַ טעות צו מיינען, אַז מיטן באַגריף פון אַ שפּראַך דעקט זיך דער גאַנצער באַגריף פון דער קולטור פון אַ פאָלק. אין טעלש, ליטע, ווו עס האָט זיך אַמאָל געפונען די באַרימטע ישיבה, האָב איך געטראָפן גויים וואָס האָבן גערעדט אַ פליסיקן יידיש, אפשר מיט אַ רוסישן אַקצענט, אָבער זיכער אָן יידישער קולטור. איך האָב געטראָפן אין קאַנאַדע

זין פון רוסישע אַריסטאָקראַטן, וואָס די עלטערן זייערע זענען צוזאַמען מיט די קינדער אַנטלאָפן פון רוסלאַנד בשעת דער רע־וואָלוציע, וואָס האָבן גערעדט רוסיש, וואָס האָבן קיין אַנונג ניט געהאַט פון רוסישער קולטור און זענען זיכער ניט געווען קיין פּראָדוקט פון רוסישער קולטור.

יידישע קולטור אָדער י י ד י ש ק י י ט , ווי מיר זענען גע־ווינט צו זאָגן, באַשטייט ניט נאָר אין רעדן העברעאיש אָדער יידיש. מיר האָבן דורכגעמאַכט טויזנטער יאָרן געשיכטע אַלס איין פאָלק, אפילו ווען מען האָט פון אונדז געריסן שטיקער און געוואָרפן די שטיקער איבער גאָר דער וועלט. דאָס וווּנדער באַ־שטייט אין דעם וואָס יעדער נייער גירוש האָט ניט פאַרניכטעט די אָפּגעריסענע טיילן פון פאָלק, נאָר אַריינגעבלאָזן אין זיי אַ פונק פון אַ ניי לעבן. די וואַנדערונג פון מיליאָנען פון אייראָ־פּעאישן יידנטום און באַזעצן זיך אין נייע פרעמדע און ווייטע קאָנטינענטן און דאָס צעבליען זיך פון אַ יידיש לעבן אין די נייע ישובים אין אַן ענגער גייסטיקער פאַרבינדונג מיט די אַלטע ישובים איז די היסטאָרישע מאַניפעסטאַציע פון אַן אייביקן קיום פון יידישער קולטור און יידישקייט.

די מאַניפעסטאַציע נייטיקט זיך ניט אין באַוויזן, זי רופט אָבער אַרויס נייע פּראָבלעמען און פאַרלאַנגט אַן ענטפער אויף זיי. די דערציאונג פון דער יוגנט, דאָס הייסט, די דערציאונג פון נייע דורות, ספּעציעל די, וואָס קענען ניט קיין יידיש און ניט קיין העברעאיש, וואַקסן אין אַ סביבה פון אַ פרעמדער קולטור און האָבן צוליב דער וואַנדערונג פאַרלאָרן די פאַרבינדונג מיט זייערע אייגענע משפחות, איז זיכער די ערשטע און וויכטיקסטע אויפגאַבע. די פריערדיקע פאַרבינדונג פון נייע דורות מיט די אַלטע איז געווען אַזוי גוט ווי אַ פולשטענדיקע פאַרזיכערונג פון דער גאַנצקייט פון אונדזער פאָלק אָן אַן אייגענער טעריטאָריע און אָן אַן אייגענער מלוכה. קיין שום פאַרפאָלגונגען און קיין שום אינקוויזיציעס האָבן ניט געקאָנט איבעררייסן און צו נישט מאַכן די פאַרבינדונג.

עס איז אינטערעסאַנט, אַז זינט דער הערשאַפט אינעם מאָס־קווער קרעמל פון אַזעלכע העלדן ווי סטאַלין־דזשוגאַשווילי און בעריאַ איז דאָס אַמאָל נאָבעלע צונעמעניש  ק אָ ס מ אָ פּ אָ ל י ט, ספּעציעל אין רוסלאַנד און אין דער רוסישער שפּראַך, פאַרוואַנדלט געוואָרן דאָרט אין אַ זידלוואָרט. דער מאַן וואָס האָט פערזענלעך באַ־פוילן צו דערמאָרדן דעם גרויסאַרטיקן יידישן קינסטלער מיכאָעלס, די צוויי פּראָמינענטע פירערס פון „בונד" ערליך און אַלטער און אַ גרויסע צאָל פון יידישע שרייבערס און אינטעלעקטואַלן האָט געהאַסט יידן. אין זיין שנאה צו יידן איז ביי אים און ביי זיין רו־סישער קליקע דאָס גרעסטע פאַרברעכן פון יידן באַשטאַנען אין דעם וואָס זיי זענען „קאָסמאָפּאָליטן", אַ ספּעציעלער מין פון מענטשלעכן אָפּפאָל. דער בראָדיאַגע, וואָס איז אוודאי אַליין קיין מאָל ניט געוועזן אין אויסלאַנד, האָט ניט געקאָנט שלום מאַכן מיט דער אידעע, אַז ווו ער זאָל זיך ניט אַ קער טאָן שטויסט ער זיך אָן אויף אַ יידישן ישוב און יידן, וואָס שפּילן אַ וויכ־טיקע ראָלע.

כדי אומצוברענגען טראָצקין האָט ער געמוזט שיקן קיין מעק־סיקע אַ געדונגענעם מערדער פון רוסלאַנד.

אין דער אמתן קאָן דאָס אויסזען, אַז דאָס יידישע פאָלק באַשטייט נאָר פון „קאָסמאָפּאָליטן" אין דעם רוסישן זין. ביין, מיר זענען אַלע טיילן פון איין פאָלק און דערפאַר רעדן מיר וועגן יידנטום ווי וועגן אַ  ו ו ע ל ט ־ י י ד נ ט ו ם!...

***

די יום־כפור־מלחמה פון עגיפּטן און סיריע און אַלץ, וואָס איז געשען אַרום איר  פ אַ ר  דעם באַפאַלן מדינת ישראל, ב ש ע ת  די שלאַכטן און ביי דעם  א י ב ע ר ר י י ס  פון פייער, פאַרלאַנגט אַ גאַנץ ספּעציעלע אויספאָרשונג, ניט קיין טעכניש־

מיליטערישע, נאָר אַ ברייטע פּאָליטישע באַטראַכטונג. די עגיפּ־טיש־סירישע קאַמפּאַניע איז אין דערווירקלעכקייט צוגעגרייט און רעאַליזירט געוואָרן פון דער רוסישער מאַכט. גראַדע, ווען ברעזשניעוו האָט זיך געפונען אין וואַשינגטאָן און פאַרהאַנדלט דאָרט וועגן שלום־פאַרשטענדיקונג מיט דער אַמעריקאַנער רע־גירונג — אַ סטאַבילע „דעטאַנט" — גראַדע, ווען אין מאָסקווע איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַן אינטערנאַציאָנאַלער קאָנגרעס פאַר שלום מיט דער באַטייליקונג פון טויזנטער דעלעגאַטן פון אַלע עקן וועלט, האָט די רוסישע פירערשאַפט פון דער סאָוויעטישער אַרמיי אָנגעפירט אין נאָענטן מזרח מיט דער אַראַבישער מלחמה קעגן מדינת ישראל אונטער אויסערגעוויינטלעכע באַדינגונגען. עס רעדט זיך אַזוי גרינג וועגן אַ „בריק" צווישן סאָוויעט־רוס־לאַנד און די אַראַבישע אַרמייען. אין דער ווירקלעכקייט איז דאָס געווען אַן עקספּעדיציע אין ווערט פון הונדערטער מיליאָנען דאָ־לאַרן. די סאָוויעט־רעגירונג האָט ניט דעמענטירט די פּרעסע־מיטטיילונג אַז ברעזשניעוו האָט דערקלערט, אַז ער גייט „פאַר־ניכטן מדינת ישראל" און די אַמעריקאַנער רעגירונג האָט אַלץ ענטפער אויף ברעזשניעווס דראָאונג תיכף ומיד אָרגאַניזירט איר אייגענע „בריק" פאַר אַמעריקאַנער מיליטערישע טראַנספּאָרטן קיין ישראל.

עס וועט ניט זיין איבערטריבן צו זאָגן, אַז מיר האָבן זיך געפונען בשעת דעם דאָזיקן שרעקלעכן „דיאַלאָג" פינף מינוטן פאַר אַ גרויסער נייער וועלט־מלחמה — צוליב דער זיכערקייט פון דער יידישער מדינה און בכלל צוליב יידישע אינטערעסן. עס וואָלט אפשר זיכער געקומען צו אַ מלחמה צווישן די צוויי סופּער־גרויסמאַכטן אויב פּרעזידענט ניקסאָן וואָלט ניט דער־קלערט גלייכצייטיק קריגסצושטאַנד פון אַלע אַמעריקאַנער מי־ליטערישע כוחות אין דער גאַנצער וועלט. און ווי קאָן מען אַנ־דערש ענטפערן אַ ברעזשניעוו אָדער אַ גרעטשקאָ אָדער אַן אַנדערן גדול פון די קרעמל־העלדן? די חברה, וואָס דערלויבט זיך אַזוי איינפאַך צו רעדן וועגן „פאַרניכטונג" פון אַ לאַנד

פאַרשטייט ניט קיין אַנדער שפּראַך. מיר האָבן דאָך געזען אויך די פאַרניכטונג פון גרויסע מדינות אין היינטיקן יאָרהונדערט.

אויף יעדן פאַל איז דאָס וואָרט געפאַלן און מיר דאַרפן עס גוט געדענקען. עס איז באמת ניט צו פאַרשטיין די שנאה קעגן יידנטום, וואָס וואַקסט זינט דער גרינדונג פון דער יידישער מדינה פון טאָג צו טאָג. איז דאָס ניט צוליב דער גרינדונג פון דער מדינה? איז דאָס ניט צוליב די יידישע דערגרייכונגען? ס׳איז אַ ביז גאָר אינטערעסאַנטער ענין.

מען שטעלט די משונהדיקע פראַגע ווען מען זעט די ווילד־קייט פון דער „אחדות" צווישן די גרויסע און קליינע פעלקער, צווישן אייראָפּעער, אַזיאַטן און אַפריקאַנער, אָבער נאָר ווען עס קומט צו דער באַהאַנדלונג פון דער יידישער פראַגע און יידישע אינטערעסן. איז ניט שטאַרקער און אוממענטשלעכער געוואָרן דער צאָרן קעגן די יידן ווען די אַראַבישע נאַפט־מאַגנאַטן האָבן באַקומען צו וויסן, אַז דער דייטשער ייד קיסינגער איז געוואָרן אויסערן־מיניסטער אין וואַשינגטאָן און דערצו נאָך דער ראַט־געבער פון דעם פרעזידענט? די אויסערגעוויינטלעכע דיפּלאָמאַ־טישע דערפאָלגן פון קיסינגערן מוזן אויפקאָכן דאָס בלוט פון אַ קאַדאַפי אָדער פון דעם אַראַבישן קעניג פון סאַודיע, זאָגט מען זיך צוזעענדיק זייער כעס ווען זיי רעדן וועגן אַמעריקע.

יידנטום איז אַ סך הונדערטער יאָרן געווען אין אַ סכנה אָפּ־געמעקט צו ווערן, אָבער מיר זענען, דוכט זיך, קיין מאָל ניט געווען אין אַזאַ געפאַר ווי איצט, קיין מאָל ניט געהאַט קעגן זיך אַזאַ מחנה פון שונאים ווי מיר זעען זי היינט. און דאָס יידנטום איז דאָך היינט בעסער אָרגאַניזירט און סאָלידאַריזירט ווי ווען עס איז פריער. מיר האָבן פריער קיין מאָל ניט געהאַט אַזעלכע יידישע צענטערן ווי מיר האָבן זיי איצט: אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אין קאַנאַדע, אין אייראָפּע, אין דרום־אַמעריקע, אין מדינת ישראל. ווי זשע גייט דאָס אַלץ צוזאַמען? זאָל מען אויסטייטשן און דערקלערן דעם טראַגישן ווידערשפּרוך אין דעם פראָצעס פון דער געשיכטע?

די פראַגע בויערט דעם מוח, ווייל די צוקונפט פון אונדזער פאָלק איז אין גאַנצן פאַרנעפּלט און אומזיכער. דער דראַנג צו זיכערקייט איז אַ באַווייז, אַז דאָס פאָלק איז ווייט פון פּאַניק און פאַרצווייפלונג און האַלט נאָר אין איין בויען און איבערבויען.

עס איז מעגלעך, אַז אונדזער אומזיכערקייט איז אַ טייל פון דער אַלגעמיינער אומזיכערקייט און מיר זענען ניט קיין אויסנאַם. מזרח און מערב, צפון און דרום געפינען זיך אין אַ צושטאַנד פון דער גרעסטער שפּאַנונג. עס איז דאָך אוממעגלעך, אַז מזרח־אייראָפּע און דער הייטיקער רעזשים אין רוסלאַנד זאָלן פאַרבלייבן נאָך לאַנג אין דעם היינטיקן צושטאַנד.

דאָס אויפטרעטן פון כינע אַליין אַן אַקטיווע סופּער־גרויס־מאַכט האָט שוין געשאַפן אַ נייע אינטערנאַציאָנאַלע פּאָליטישע לאַגע. דאָס אויפטרעטן פון דער אַראַבישער נאַפטמאַכט איז אַגרע־סיוו, אָבער קיין וועג צו באַנוצן זיך מיט דער מאַכט איז נאָך ניט געפונען. אַלע רוסישע חשבונות אויף צו שפּילן די רוסישע ראָלע מיט דער הילף פון די אַראַבישע נאַציאָנאַלע אינטערעסן קאָנען זיך אַרויסגעוויזן פאַלש, אָבער די נאָענטקייט פון דעם מיטלענדישן ים איז אַן אָנזאָג, אַז דאָ וועט אפשר קומען צו דעם חשבון הנפש פאַר סאָוויעט־רוסלאַנד. מיר דאַרפן האַלטן אַן אויג אויף די גע־שעענישן. זיי האָבן אַ דירעקטע שייכות צו יידישע אינטערעסן...

# דער נייער וועלטקריזיס

אידענטיפיקאַציע איז ניט קיין יידיש וואָרט. עס איז זייער אַ גוטע פאָרמולע, ווען מען וויל קלאָר מאַכן וואָס עס איז דאָס אמתע פנים פון אַ פאַרברעכער אָדער פאַרברעכן. עס וועלן איצט אַוועק־גיין אַ סך וואָכן פון שווערע פאַרהאַנדלונגען צווישן די יידן און אַראַבער אין אָנ״ו. אַ סך וואָכן פון מיאוסע אינטריגעס הינטער דער בינע, דראָאונגען און ווער ווייסט, אפשר אויך נייע מיליטערישע אַק־ציעס. די וואָס באַשיצן די אַראַבער, באַשיצן און שטיצן ליגנס, פעלשן און באַשווינדלען, אָבער זיי מאַכן דעם אָנשטעל, אַז אַלץ איז געווען ניט מער ווי צופאַל. אַז זיי האָבן געמיינט גאָר אַן אַנ־דערע זאַך.

איצט איז די צייט פעסטצושטעלן, ווער וויל דערגרייכן אַ פאַר־שטענדיקונג פאַר אַ פערמאַנענטן, סטאַבילן שלום און ווער וויל פראָוואָצירן נייע שפּאַנונג און קאָנפליקטן, ווידער באַוואָפענען די אַראַבישע לענדער מיט וואָפן וואָס זיי קאָנען אפילו ניט באַנוצן. גאַנץ באַזונדערס וויכטיק איז אָראָפּצורייסן די מאַסקע פון די, וואָס רעדן האַלבע ווערטער און זענען אין דער אמתן פּראָ־אַראַביש.

ביי דעם דאָזיקן פּראָצעס פון אידענטיפיצירן פריינד און פיינד קאָנען מיר זיך אָנשטויסן אויף גאָר אומדערוואַרטע זאַכן. די האַנד־לונג פון סאָוויעט־רוסלאַנד איז קלאָר ווי דער טאָג. די סאָוויעט־רעגירונג דערקלערט פאַר דער גאַנצער וועלט: מיר זענען מיט די מערדערס. מיר האָבן באַוואָפנט די מערדערס און מיר וועלן זיי ווייטער באַוואָפענען. אָבער גאָר אַנדערש זעט עס אויס, למשל,

אין ענגלאַנד ווו די אַרבעטער־פּאַרטיי אין פּאַרלאַמענט האָט אַ גרויסן פּראָצענט פון אָפּענע פריינד פון די אַראַבער; אפילו דזשאָרזש בראַון, דער עקסטראַוואַגאַנטער אויסלאַנדס־מיניסטער פון האַראָלד ווילסאָן, איז אין לאָנדאָן באַקאַנט ווי „בראַון דער אַראַ־בער". דער דאָזיקער ענגלישער אַראַבער האָט אין פּאַרלויף פון לעצטן יאָר געפּירט אַ גאַנץ מערקווערדיקע ליבע־קאָרעספּאָנדענץ מיט נאַסערן, כאָטש דער דיקטאַטאָר פון עגיפּטן האָט ביי יעדער געלעגנהייט געשפּיגן ענגלאַנד אין פּנים, און הגם אַלע האָבן חוזק געמאַכט פון בראַונס שטיק, האָט ער ווייטער קאָרעספּאָנדירט מיט אים.

זונטיק, דעם 11־טן יוני, איז דער לאָנדאָנער „אָבסערווער" אַרויס מיט אַ גרויסן און אויספירלעכן אַרטיקל וועגן דעם וואָס עס קומט פאָר אין דער פּאַרלאַמענטאַרישער פראַקציע פון דער ענגלישער אַרבעטער־פּאַרטיי — וואָס האָט דרך אגב געזאָגט, ניט ווייניקער פון אַכט און דרייסיק יידן — אין פאַרבינדונג מיט די געשעענישן אין נאָענטן מזרח. דער „אָבסערווער" רופט אָן ביים נאָמען די „עקסטרעם לינקע", וואָס זענען אָפענע פּראָ־אַראַבער, די „ניט־אַהער און ניט־אַהין"־סאָציאַליסטן וואָס זענען פּיפּטי־פיפטי א. א. וו. דער סך־הכל איז, אַז מיר קאָנען ניט זיין זיכער מיט דער אַרבעטער־פּאַרטיי פון ענגלאַנד.

מען קאָן ניט זאָגן אַז פאַר אַלעמען וואָס פאָלגן נאָך דאָס פּאָליטישע לעבן פון ענגלאַנד די לעצטע יאָרן, איז דאָס אַ געוואַל־טיקע סענסאַציע. די לייבאָר־פּאַרטיי איז היינט שטאַרק דעמאָראַ־ליזירט. איר פּרעסטיזש איז לעצטנס שטאַרק געפאַלן. ביי די לעצטע קאָמונאַלע וואַלן, ערשט מיט אַ חודש צוריק, האָט די פּאַרטיי גע־ליטן אַ קאַטאַסטראָפאַלע ירידה.

פון דע־גאָל האָט קיינער ניט דערוואַרט עפּעס בעסערס. ער האָט די גאַנצע צייט אינטריגירט מיט רוסלאַנד צוליב זיין האַס צו אַמעריקע. ער האָט אינטריגירט מיט די אַראַבער, כדי קאָנען בעסער אינטריגירן מיט רוסלאַנד, אָבער אויך כלומרשט אַרויס־געוויזן אַ ביסל סימפּאַטיע פאַר יידן.

דע־גאָל איז אָבער אַליין אין אַ קלעם, ווייל כמעט גאַנץ פראַנקרייך האָט אַרויסגעוויזן אַן אמתע סימפּאַטיע פאַר ישראל. דע־גאָל איז סיי ווי אויסגעשפּילט און עס פעלט ניט קיין סך, אַז ער זאָל האָבן אַ וויסטן סוף. מער ווי אינטריגירן קאָן ער ניט און דאָס וועט אים אויך קאָסטן טייער. מען דאַרף נאָר האָבן גענוג מוט, כדי אָפן צו זאָגן, אַז יידן האָבן ניט קיין פאַרטרויען צו אים.

אַ מאַן ווי דע־גאָל קאָן זיך איינרעדן, אַז ער און נאָר ער דאַרף שפּילן די ראָלע פון דעם אייבערשטן בורר אין דעם געפערלעכן קאָנפליקט אויפן נאָענטן מזרח, ניט געקוקט אויף דער פּאָליטיק וואָס ער האָט געפירט די לעצטע יאָרן. פראַנקרייך האָט איצט אירע ערנסטע עקאָנאָמישע פּראָבלעמען. דער בודזשעט פון לאַנד איז באַלאַסט מיט אַ דעפיציט פון מיליאַרדן פראַנקן און איז אָפּהענגיק פון אַמעריקאַנער אינוועסטירונגען. אָבער ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס מיליאַרדן אַמעריקאַנער דאָלאַרן זענען איצט אינוועסטירט אין דער פראַנצייזישער אינדוסטריע, פירט ער נאָך אַלץ זיין קאַמפּאַניע קעגן דעם אַמעריקאַנער „אַריינמישן זיך אין אייראָפּעאישע ענינים".

דע־גאָל האָט זיך דערקלערט פאַר נייטראַל אין דעם אַראַביש־ישראלדיקן קאָנפליקט אויף אַזאַ אופן, אַז פאַקטיש אידענטיפיצירט ער זיך מיט די רוסיש־אַראַבישע אינטערעסן. דאָס דאַרף מען גוט געדענקען זוכנדיק בוררים...

דאַרף מען אידענטיפיצירן דאָס מערקווערדיקע באַשעפעניש פון בורמאַ, דעם גענעראַל־סעקרעטאַר פון אַנ"ו, או טאַנט ? ווער איז דאָס מענטשעלע מיט אַ פנים פון בודאַ ? וואָס זענען זיינע אויפטוען, וואָס פאַר אַ פּרעסטיזש האָט ער און פאַר וואָס זאָל ער האָבן אַ ביסל פּרעסטיזש ? איז עס ניט אַ פולשטענדיקער נאָנסענס, אַז דאָס מענטשעלע פון בורמאַ זאָל שטיין אין דער שפּיץ פון אַ וועלט־אָרגאַניזאַציע, אַ צענטער פאַר די אינטערנאַציאָנאַלע באַציאונגען צווישן הונדערט צוויי און צוואַנציק לענדער פון אַלע קאָנטינענטן ?

יידן קאָנען זיך באַגיין אָן או טאַנטס סימפּאַטיעס. אָבער די אָנ"ו איז היינט דער צענטער פון אַלע קאָנספּיראַציעס און אינטריגעס. אַ צענדלינג אַראַבישע מלוכות, אַפריקאַנישע, אַזיאַטישע און וואָס איר ווילט אַנדערע דעלעגאַציעס, טאַנצן אַרום די גרויסמאַכטן און פירן די אַזוי־גערופענע פאַרהאַנדלונגען. פאַר אַזאַ מין דיפּלאָמאַט ווי דער סאָוויעטישער הויפּט־דעלעגאַט פעראָדענקאָ איז דאָס אַ וווּנדערבאַרע וועלט. ער פילט זיך דאָ ווי אַ פיש אין וואַסער. או טאַנט האָט דאָ אַ קנאַפּע ראָלע צו שפּילן.

דער סך־הכל איז אַז די אָנ"ו האָט פאַרשפּילט אירע שאַנסן, פאַרשפּילט אַלע אירע גרויסע מעגלעכקייטן...

דאָס באמת טראַגישע אין דער גאַנצער דראַמע איז דער פּסיכאָפּאַטישער צושטאַנד פון די אַראַבישע פירערס און זייער פּרעסע. איין גרויסע צייטונג אין קאַיראָ הערט ניט אויף צו שרייען היסטעריש, אַז עס איז גוט וואָס מען וועט פּטור ווערן פון דער מערבֿ־אייראָפּעאישער ציוויליזאַציע, פון די אייראָפּעאישע אוניווערסיטעטן, פון דער אייראָפּעאישער קולטור און זייער איינפלוס אויף דעם אַראַבישן סאָציאַליזם, דעם אמתן סאָציאַליזם!...

אַ מין משוגעת האָט אַרומגעכאַפּט די דאָזיקע מענטשן. יעדער איינער סאָלידאַריזירט זיך מיט די נאַסערס, מיט די פּראָפעסיאָנעלע מערדערס ווי שוקייריי. זיי פאַרשטייען ניט און ווילן ניט פאַרשטיין, אַז קיין שום מאַטעריעלע און מאָראַלישע הילף פון סאָוויעט־רוסלאַנד און אוודאי וועט זיי קיין שום נייע מלחמה ניט ראַטעווען פון אַ נאָך טיפערער דעמאָראַליזאַציע ווי די אין וועלכער זיי געפינען זיך. מען ווייסט אַז סאָוויעט־רוסלאַנד האָט שוין ווידער אָנגעהויבן שיקן וואָפן און עראָפּלאַנען קיין עגיפּטן. עס גייען אַרום קלאַנגען, אַז אַן אַלזשירער לופט־עסקאַדרע פון צוואַנציק עראָפּלאַנען איז געקומען קיין סיני, ווען די עגיפּטישע אַרמיי איז שוין געווען געשלאָגן. די עראָפּלאַנען זאָלן האָבן אויפגענומען געוואָרן פון דער ישראל־אַרמיי זייער פריינדלעך...

עס איז זייער צווייפלהאַפט, צי אין אַזאַ אויפגעהעצטער און

אַנגעהיצטער אַטמאָספערע קאָנען געפירט ווערן וועלכע עס איז פאַרהאַנדלונגען וועגן אַ פערמאַנענטער פאַרשטענדיקונג. צען יאָר צייט איז די לופט פאַרסמט געוואָרן און די אומוויסנדיקע חברה איז געוואָרן זיכער ביי זיך, אַז אַלץ איז דערלויבט און אַז אַלץ וואָס מען וועט אָפטאָן וועט געדעקט ווערן פון דער מאָסקווער חברה, וואָס איז שוין גאָר ניט אומוויסנדיק .איצט הייבט זיך אָן דער יום־הדין פאַר די אַוואַנטוריסטן אין די אַראַבישע לענדער. אפשר אויך פאַר די העלדן פון קרעמל...

(„פרייע אַרבעטער שטימע“, דעם 15־טן יולי 1967)

# אַ נייע יאַלטאַ?

עס האַלט נאָך ניט דערביי, אָבער זיכער איז זיכער. די דער־קלערונג פון דע־גאָלן וועגן זיין „נייטראַליטעט״ און די זיס־זויערע דערקלערונג פון זיין רעגירונג בעת דער זיצונג פונעם פראַנצייזישן פּאַרלאַמענט, מיטוואָך, דעם 7־טן יוני, איז אַן איבערראַשונג נאָר פאַר די וואָס ווילן זיין בלינד און טויב.

בעת דער זיצונג פונעם פראַנצייזישן פּאַרלאַמענט האָט גי מאָלע, דער פירער פון די פראַנצייזישע סאָציאַליסטן און פראַנק־רייכס פרעמיער־מיניסטער מיט צען יאָר צוריק, דאָס הייסט, בשעת דער ערשטער סועץ־מלחמה, דערקלערט קורץ און קלאָר:

— „עס איז ניט אמת דע־גאָלס דערקלערונג, אַז פראַנקרייך האָט ניט קיין שום פאַרפליכטונגען בנוגע ישראל.

„אין זיין רעדע אין 1957 האָט פינאַ, דער פראַנצייזישער מי־ניסטער, אָפּגעגעבן אַ דערקלערונג וועגן דעם פרייען וואַסער־פאַרקער אין אַקאַבאַ. ווי קאָן מען זאָגן, אַז פראַנקרייך איז ניט אַנגאַזשירט? ריכטיק, דאָס איז געשען אונטער דעם פריערדיקן רעזשים, בעת דער פערטער רעפּובליק. אָבער די געשיכטע פון פראַנקרייך האָט זיך ניט אָנגעהייבן אין 1958 און וועט זיך ניט ענדיקן מיטן סוף פון גאָליזם... מיר האָבן מאָראַלישע פאַרפליכטונ־גען ווי אַ גאַראַנטיע פון פראַנקרייך פאַר דער עקסיסטענץ פון מדינת ישראל, ווי דע־גאָל האָט עס אַליין אַ מאָל דערקלערט. סוף כל סוף איז דער אינטערנאַציאָנאַלער באַגריף וועגן אַגרעסיע אַ באַוויז, אַז די בלאָקאַדע פון אַקאַבאַ איז אַן עגיפּטישע אַגרעסיע״.

גי מאָלע האָט שפּעטער דערקלערט אין די קאָרידאָרן פון פּאַרלאַמענט, אַז ער האָט ניט געוואָלט צוזאַמענמישן די קאָנפליקטן פון דער אינערן־פּאָליטיק און דעם קאַמף קעגן דע־גאָלן מיט דעם פּראָטעסט קעגן דע־גאָלס דערקלערונג וועגן ישראל. דאָס איז זיכער געווען אַ קלוגע טאַקטיק. בעת גי מאָלע׳ס רעדע אין פּאַר־לאַמענט האָבן אים אַפּלאָדירט אַלע פּאַרטייען, אַ חוץ די קאָמו־ניסטן. פון זיי האָט מען דאָך אויך ניט געקאָנט דערוואַרטן קיין אַנדערע באַציאונג. זיי זענען דאָך ניט ערגער פון טיטאָ, אָדער פון דער מיאוסער פאַרשוינטע ווי די פּרוי וואָס שטייט אין דער שפּיץ פון דער רעגירונג פון אינדיע. מיר זענען אָבער היינט פאַרנומען דאָ ניט מיט קנעכט וואָס פאָלגן די דירעקטיוון פון דער מאָסקווער רעגירונג. מיר זענען איצט פאַרכאַפּט פון דעם אויפטרעטן פון דע־גאָלן, וואָס פראַנקרייך גופא ווייסט ניט ווי אַזוי צו באַפרייען זיך פון אים.

מען האָט ניט איין מאָל זיך געפרעגט צי פּרעזידענט רוזוועלט האָט ריכטיק געהאַנדלט ווי אַ שטאַטסמאַן, ווען ער האָט פּשוט פיזיש ניט געקאָנט פאַרטראָגן דאָס בייזיין פון דעם פאַרריסענעם און אַנגעבלאָזענעם פראַנצויז .ווען עס איז געקומען צו דער קאָנ־פערענץ, ווען רוזוועלט איז געווען געשפּאַנט איבער די כוחות, האָט ער קאַטעגאָריש פאַרלאַנגט, אַז דע־גאָל זאָל ניט איינגעלאַדן ווערן. און דע־גאָל איז ניט איינגעלאַדן געוואָרן. דעם פּאַטש אין פּנים האָט דע־גאָל קיין מאָל ניט געקאָנט פאַרגעסן.

עס האָט ניט קיין זין ווידער און ווידער צו פאַרנעמען זיך מיט דעם כאַראַקטער פון דעם מאַן, מיט זיינע אַמביציעס צו שפּילן די ראָלע פון אַ מין צעזאַר. ער איז היינט דאָס גרויסע אומגליק ניט נאָר פון פראַנקרייך, נאָר פון גאַנץ אייראָפּע. ניט אומזיסט האָט נעני, דער אַלטער סאָציאַליסטישער פירער פון איטאַליע, ניט לאַנג צוריק, עפנטלעך דערקלערט, אַז עס וועט ניט זיין קיין געאייניקטע אייראָפּע, קיין אייראָפּעאישע פאַרשטענדיקונג, ביז דע־גאָל וועט ניט עלימינירט ווערן און פאַרשווינדן פון דער סצענע...

פאַקטיש האָט דער פראַנצייזישער פּאַרלאַמענט, די פראַנצייזישע

פרעסע און די פראַנצייזישע עפנטלעכע מיינונג געשטעמפּלט אים איצט פאַר אַ ליגנער. ניט נאָר די פירערס פון דער אָפּאָזיציע, נאָר אויך גאָליסטן פון ערשטן ראַנג האָבן זיך אָפּגעטרייסלט פון אים און אונטערגעשריבן דעם סאָלידאַריטעטס־אויפרוף לטובת ישראל. אָבער ער, דער העלד, וועט זיך זיכער מאַכן ניט ווויסנדיק און וועט ניט פאַרלאָזן זיין אַמט, ניט פאַרשווינדן פרייוויליק. ער וועט נאָך זיכער פאַרזוכן צו שפּילן אַ ראָלע אין אַ נייער „יאַלטאַ"־קאָנפערענץ. דאָס טאָר ניט געשען!

ווען מען רעדט איצט אין פּאַריז, אין אַלע קרייזן, מיט אַזוי פיל ביטערקייט, איז דאָס פאַר אונדז אויף אַזוי פיל וויכטיק, אַז מיר זאָלן וויסן, אַז דער מאַן רעפּרעזענטירט ניט פראַנקרייך. זיין פּרעמיער־מיניסטער פּאָמפּידו, אַ לעכערלעכע פיגור פון אַ נאַר, וואָס קיין מענטש האָט אים קיין מאָל ניט גענומען ערנסט, האָט איצט דערקלערט, אַז ער איז אויפגערעגט פון די צו שרייענדיקע און איבערגעטריבענע פראַנצייזישע אינסטיטוציעס לכבוד ישראל. דאָס חזרט איבער דער חכם דעם אויסדרוק פון דע־גאָלס אומצו־פרידנקייט.

מיר קאָנען דאָ ניט איבערגעבן אַלץ, וואָס די פראַנצייזישע פרעסע שרייבט וועגן דע־גאָלס פּלענער און דיפּלאָמאַטיע אין פאַר־בינדונג מיט דער אַראַבישער אַטאַקע אויף מדינת ישראל און דער גרויסער מפּלה פון די אַראַבישע אַרמייען. עס דאַרף אָבער איצט געזאָגט ווערן קלאָר און דייטלעך, אַז דע־גאָל דאַרף ניט צוגעלאָזט ווערן צו קיין שום שלום־קאָנפערענץ, צו קיין שום פּרווו צו נאַר־מאַליזירן די באַציאונגען אין נאָענטן מזרח. דער מאַן איז אַ סכנה פאַר אונדז.

אין פּאַריז ווייסט מען גענוי, אַז דע־גאָל האָט אַ געהיימען אָפּ־מאַך מיט מאָסקווע, אָבער אפילו זיין אייגענע רעגירונג ווייסט ניט אין וואָס עס באַשטייט דער אָפּמאַך. עס איז ניט אויסגעשלאָסן, אַז זיינע פּערזענלעכע שמועסן מיט די עגיפּטישע און סירישע געסט, אויך געהיימע, רופן אַרויס אַ סך חשד אפילו ביי גאָליסטן. די אָפּאָ־זיציע וויל אויסמיידן אַן אָפענעם קאָנפליקט מיט דע־גאָלן בשעת

אַ געפערלעכן אינטערנאַציאָנאַלן קריזיס, געפערלעך פאַר פראַנק־רייך גופא. קיינער פון די פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָליטישע פירערס האָט ניט דעם קלענסטן פאַרטרויען צו אים. אַזוי ווי אין דער פראַגע פון „נאַטאָ" האָט דע־גאָל געשטעלט די פראַנצייזישע רעגי־רונג פאַר אַ געשעענעם פאַקט, וואָס לאָזט זיך ניט מער ענדערן, אַזוי איז ער איצט פעאיק אָפּצוטאָן עפּעס וואָס עס וועט זיין אומ־מעגלעך צו ענדערן. דעריבער מוז פאַר דער יידישער עפנטלעכקייט זיין קלאָר:

— קיין באַטייליקונג פון דע־גאָלס רעגירונג אין די קומענ־דיקע פאַרהאַנדלונגען! קיין פאַרטרויען צו דע־גאָלן! קיין פאַר־טרויען!...

איצט איז די צייט צו זאָגן דאָס אָפן און קלאָר. אַזאַ קאַטעגאָ־רישע דערקלערונג מוז דעריבער געמאַכט ווערן באַצייטנס און די דערקלערונג דאַרף געמאַכט ווערן אין אַזאַ פאָרעם, אַז ביי קיינעם זאָל ניט זיין קיין צווייפל, אַז יידן באַטראַכטן אים ניט ווי אַ פאַר־טרעטער פון פראַנקרייכס עפנטלעכער מיינונג. עס איז מלחמה און אין מלחמה טאָר מען זיך ניט שפּילן מיט ווערטער...

(„פרייע אַרבעטער שטימע", דעם 15־טן יולי 1967)

# דריי געשעענישן אין איין וואָך

די ערשטע: אַ וויכטיקער אַגענט פון דער סאָוויעטישער צענטראַלער שפּיאָנאַזש־אָרגאַניזאַציע (ק. ג. ב). איז אַנטלאָפן קיין אַמעריקע און עטלעכע שעה נאָך זיין קאָנטאַקט מיט די אַמעריקאַנער אין אייראָפּע, האָט מען אין דער באַן אַרעסטירט פינף רוסישע שפּיאָנען, וועלכע האָבן זיך באַזעצט אין צענטראַלע פּאָזיציעס אין דייטשן אויסערן־אַמט. צווישן זיי אַ געניטער פאָטאָגראַף אויף נעמען פאָטאָגראַפיעס פון געהיימע דאָקומענטן.

די צווייטע: בראָזיאָ, דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער „נאַטאָ", האָט זיך געזעגנט אָפיציעל מיטן גענעראַל דע־גאָל, דעם זיגער אין דער שלאַכט קעגן דעם „אַטלאַנטישן פּאַקט", צו וועלכן פראַנקרייך געהערט פּאַקטיש מער ניט. עס איז ניט באַקאַנט צי פראַנקרייך וועט פאָרמאַל אויסגעשלאָסן ווערן פון פּאַקט, אָדער דאָס לאַנד ווערט איצט באַטראַכט אַלס אַן אינערלעכער פיינד פון דעם פּאַקט...

די שמחה פון דע־גאָל איז פאַרשטערט געוואָרן פון דעם, וואָס דעם אייגענעם טאָג האָט די בעלגישע רעגירונג איבערגעגעבן דער „נאַטאָ" אַן עקסטראַ־ און עקספּרעס־אויסגעבויטע נייע שטאָט, מיט אַלע מאָדערנע איינריכטונגען און באַקוועמלעכקייטן. אויף יעדן פאַל איז עס קלאָר, אַז די וואָס האָבן געהאָפט, און דע־גאָל איז זיכער געווען איינער פון די ערשטע צווישן זיי — אַז מיט זיין אַרויסוואַרפן די „נאַטאָ" פון פראַנקרייך וועט זיך אָנהייבן דער סוף פון „אַטלאַנטישן פּאַקט", האָבן געמאַכט אַ פאַלשן חשבון; עס איז איצט

פאַר אַלע אָנטיילנעמער קלאָר, אַז מער ווי ווען עס איז פריער, דאַרף דער פאַקט געשטאַרקט ווערן און די „נאַטאָ" מוז פאַרבלייבן גרויסע מאַכט — אָן פראַנקרייך...

די דריטע: האָט אויך צו טאָן מיט פראַנקרייך און איר פרע־זידענט. ענגלאַנד פאַרלאַנגט אַריינגענומען צו ווערן אין דעם גע־מיינשאַפטלעכן מאַרק. פינף פון די זעקס מיטגלידער, זענען הונ־דערט פּראָצענט פאַר און נאָר פראַנקרייך וויל זיך באַנוצן מיט איר וועטאָ־רעכט און איז קעגן.

אין געוויסע קרייזן, נאָענטע צו דער פירערשאַפט פון דעם „בשותפותדיקן מאַרק" איז געווען און איז נאָך היינט דאָ אַ שטי־מונג פון לאָזן דעם „מאַרק" פּלאַצן און ניט דערלויבן דעם גענעראַל דאָמינירן און קאָמאַנדעווען. פראַנקרייך איז נאָר איינע פון די זעקס. נעמענדיק אין באַטראַכט, אַז דער עקספּאָרט פון פראַנקרייך פאַלט, אַז דער בודזשעט פון דער מלוכה, סיי דאָס יאָר און סיי דאָס קו־מענדיקע יאָר, ווערט אָפּגעשלאָסן מיט אַ דעפיציט פון עטלעכע מיליאַרדן, וואָלט דאָס אויפרייסן פון דעם „מאַרק" באַטייט פאַר פראַנקרייך אַן אמת׳ע קאַטאַסטראָפע. און דאָס אויסלאַנד האַלט דאָך נאָך אַלץ, אַז דע־גאָל איז ניט פראַנקרייך און פראַנקרייך איז ניט דע־גאָל און אַז סוף כל סוף איז מען שוין ניט ווייט פון „נאָך דע־גאָל". ווי ווייט איז מען אָבער?

די פלוידעריי וועגן אַן „איראָפּעאישער אייראָפּע", אָבער אָן ענגלאַנד, ווייל פאַר דע־גאָל איז ענגלאַנד ניט גענוג איראָפּעאיש, ווערט איצט באַטראַכט פאַר פּוסטע, בייזוויליקע רייד וואָס מאַכן אויף קיינעם ניט קיין איינדרוק.

זענען די דריי געשעענישן אין איין וואָך דאָס איינציקע, וואָס האָט צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט און גיט אַ בילד פון דער אַלגעמיינער פּאָליטישער לאַגע? און ווו זענען די סאָוויעטישע פייע־רונגען פון דעם פופציק־יאָריקן יובל פון דער אָקטאָבער־רעוואָ־לוציע? און ווו איז די רייזע פון בראַונס שליח, סער האַראָלד בילי, קיין קאַירא, כדי אָנצוקניפּן דיפּלאָמאַטישע באַציאונגען צווישן

ענגלאַנד און עגיפּטן און דרך אגב, צווינגען די ישראל־רעגירונג באַפרייען דעם סועץ־קאַנאַל?

ווי מערקווערדיק דאָס זאָל ניט קלינגען, האָבן די צוויי לעצטע געשעענישן גאָר אַן אַנדער ווערט, אַן אַנדערן באַטייט. אַזוי ווי די סאָוויעטישע שפּיאָנאַזש־אַקציע אין באָן, זענען זיי פאַרבונדן הויפּטזאַכלעך מיט דער סאָוויעטישער געהיימער דיפּלאָמאַטיע, וואָס וועגן זייער כאַראַקטער און צוועקן קאָן מען זיך נאָר אָנשטויסן, ניט ווויסנדיק געגוי זייער פאַרנעם. אָט קומען, למשל, קלאַנגען פון פאַריז, אַז דער באַזוך פון גענעראַל זאַכאַראָוו, שעף פון רוסישן גענעראַל־שטאַב, איז ניט סתם אַ העפלעכקייט־באַזוך, נאָר אַז עס וועט זיך אפשר ענדיקן מיט אַן אָפּמאַך וועגן אַ סאָוויעטיש־פראַנצייזישער קאָאָפּעראַציע, דאָס הייסט, מיט אַ מיליטערישער קאָאָפּעראַציע. אויב עס וועט זיך אַרויסווייזן אַז דאָס אומגלויבלעכע איז אַ פאַקט, וואָלט עס געהייסן, אַז דע־גאָל האָט באַשלאָסן פאַרלאָזן די „נאַטאָ", פאַרבלייבן אין „אַטלאַנטישן פאַקט" און פאַרבינדן זיך מיט דער סאָוויעטישער מיליטער־מאַכט, וואָס איז דער גרעסטער פיינד פון דעם „אַטאַלנטישן פאַקט". (הגם מיר לעבן אין אַ צייט פון אויסערגעוויינטלעכע רעוועלאַציעס און סענסאַציעס, מוז מען דאָך צווייפלען אין דער ריכטיקייט פון דעם לעצטן פאַריזער קלאַנג, עס איז פאָרט פאַראַן אַ גרענעץ צו יעדער זאַך).

פון דער רייזע פון סער האַראָלד בילי קיין קאַירא, דאַרף מען ניט דערוויל דערוואַרטן קיין גרויסע רעזולטאַטן. אַ מאַן וואָס האָט אַ מאָל גוט געקענט דעם ענגלישן דיפּלאָמאַט, זאָגט מיר:

— שיקן האַראָלד בילי קיין קאַירא, איז דאָס אייגענע ווי שיקן קיין קאַירא אַן עגיפּטער ער זאָל פאַרהאַנדלען מיט די עגיפּטער. בילי איז אַ היפּש ביסל קליגער, ווי דער היינטיקער שעף פון דעם „פאָריין אָפיס". ער האָט גרויסע דערפאַרונגען און רעדט ווי אַ גוט־דערצויגענער דיפּלאָמאַט. אָן שום קלאונסקע שטיק. זיין מיינונג איז אַ מאָל געווען, אַז ס׳איז פּשוט אוממעגלעך צו פירן פאַרהאַנד־לונגען מיט יידן... אַזוי דורכגעטריבן און שפּיציק זענען זיי.

אפשר איז האַראָלד בילי גערעכט, ווייל ער קען די אַראַבער

און זייערע מאַניערן. ער קען זיי און האָט זיי גערן. מען ווייסט ניט צי בעווין האָט אין זיין צייט, ליב געהאַט די אַראַבער, אָבער דזשאָרזש בראַון איז שטאַרק „פּאַרליבט" אין נאַסערן און נאַסער, ווייזט אויס, ניט ווייניקער אין אים.

היינט צו טאָג איז די שפּאַנונג אויסערגעוויינטלעך גרויס, ווייל מען מוז דערוואַרטן די נייע רעוועלאַציעס פון דעם רוסישן שעף פון אויסלענדישן שפּיאָנאַזש, וואָס איז איצט אין די הענט פון די אַמעריקאַנער. אַלץ וואָס מיר האָבן ביז איצט געוואָלט וויסן, איז, ווייזט זיך אויס, פּשוט גאָרניט אין פאַרגלייך מיט דעם וואָס מיר ווייסן ניט און דאַרפן באַקומען צו וויסן. די גאַנצע רוסישע סאָציאַלע רעוואָלוציע איז געבויט אויף שפּיאָנאַזש.

מיט אינטערעס דערוואַרטן איצט ניט נאָר די מיטגלידער פון „אַטלאַנטיק־פּאַקט" ווייטערע נייעס וועגן פראַנצייזיש־רוסישע מיליטערישע פאַרהאַנדלונגען. פון דע־גאָל מעג מען אַלץ דערוואַרטן. אויב עס איז מעגלעך געוועזן דאָס, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן מיט דער „נאַטאָ", פאַר וואָס זאָלן ניט מעגלעך זיין אַנדערע האַנדלונגען פון דעם אייגענעם מין? פראַנקרייך איז סיי ווי פולשטענדיק איזאָלירט, אויב אפילו זי געהערט פאָרמאַל צו פאַרשידענע גרופּן פון פאַרבינדעטע. דאָס געזונטסטע וואָלט געווען, אויב געצוווּנגען אָדער פון איר פרייען ווילן, זאָל פראַנקרייך מער ניט געהערן צו דעם „אַטלאַנטישן פּאַקט".

(„לעצטע נייעס", דעם 3־טן נאָוועמבער 1967)

# נעאָ־גאָליזם און פּאַן־אַראַביזם

אַז יידן בכלל, און מדינת ישראל ספּעציעל, מוזן זוכן און גע־
פינען וועגן צו אַ פאַרשטענדיקונג מיט די אַראַבער, איז קלאָר ווי
דער טאָג. עס איז אויך אַבסאָלוט זיכער, אַז די היינטיקע פירער־
שאַפט אין דער אַראַבישער וועלט וועט פאַרשווינדן און אָנשטאָט
די „רעוואָלוציאָנערן" און „מאַרקסיסטן" מיט די אָדער אַנדערע
צונעמענישן, וועט מען האָבן צו טאָן מיט פּאָליטישע עלעמענטן
פון אַן אַנדער פאַרנעם. די היינטיקע אַראַבישע פירערשאַפט איז
כמעט פון דעם אייגענעם ניוואָ ווי די אַפריקאַנער „רעוואָלוציאָ־
נערן". מיר זענען געצוווּנגען צו רעכענען זיך דערמיט, וואָס מיר
זענען אומעטום אַ נאַציאָנאַלע מינדערהייט און מיר ווילן ניט און
טאָרן ניט פאַרבלייבן אין אַ פּערמאַנענטן קריגס־צושטאַנד. די
איצטיקע פריינדשאַפט צווישן דעם קרעמל און קאַיראָ, צווישן אַזאַ
גערעאַטענעם פירער ווי דער היינטיקער עגיפּטישער פּרעזידענט
סאַדאַט און דער סאָוויעטישער מאַרקסיסטיש־לעניניסטישער טראַי־
קע, וועט אויך נעמען אַ סוף ניט אין דער ווייטער צוקונפט. ווי
„צעזייט און צעשפּרייט" דאָס יידנטום זאָל ניט זיין, — אפשר דער־
פאַר טאַקע ווייל מיר זענען „צעזייט און צעשפּרייט" — קומט
אונדזער פאָלק צו זיך, זאַמלט זיינע כוחות, כדי צו קאָנען אויס־
האַלטן די נייע סאָציאַלע, עקאָנאָמישע און פּאָליטישע ענדערונגען
אין דער וועלט. דאָס געשפּענסט פון אַסימילאַציע טויג זיך אויס
נאָר פאַר נאַציאָנאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע.

די ענדערונגען טראָגן אָפּט, דאָס מוז מען צוגעבן, דעם כאַ־

ראַקטער פון אַ קריזיס, פון אַ געפאַר און מיר דאַרפן זיך גוט צוקוקן צו זיי, ניט אונטערשאַצן זיי, אָבער אויך ניט אַריינפאַלן צוליב זיי אין אַ צושטאַנד פון פּאַניק. דאָס וואָס שפּילט זיך איצט אָפּ אין פראַנקרייך האָט מער עלעמענטן פון אַ קאָמעדיע ווי פון אַ דראַמע. די אַלטע אידעע פון גענעראַל דע גאָל, אַז פראַנקרייך איז נאָך אַלץ אַ גרויסמאַכט, וואָס דאַרף שפּילן די ראָלע פון אַ פירער און קאָנען קאָמאַנדעווען — האָט מען געגלייבט איז אויף שטענדיק באַגראָבן. עס ווייזט זיך אָבער אַרויס, אַז ניט קוקנדיק אויף דעם שאַנדיקן דורכפאַל פון דע־גאָלן און דעם מיאוסן דורכ־פאַל פון זיין גאַנצער קאַריערע, האָבן זיך געפונען בעלנים צווישן זיינע תלמידים, וואָס פּרובירן אויפלעבן די גרויסמאַכט־אַמביציע. דער לעצטער רעפּערענדום פון פּאָמפּידון, פראַנקרייכס היינטיקער פּרעזידענט, וואָס קיינער ווייסט ניט ביז צום היינטיקן טאָג צוליב וואָס האָט מען געמאַכט די אָפּשטימונג אין גאַנצן לאַנד, וואָלט געדאַרפט על פּי לאָגיק פירן צום אייגענעם סך־הכל, וואָס דע־גאָלס לעצטער רעפּערענדום: דע־גאָל האָט אויף מאָרגן נאָך זיין דורכפאַל דעמיסיאָנירט און אויף שטענדיק פאַרלאָזן דעם עליזיי־פּאַלאַץ. פּאָמפּידו האָט עס אָבער ניט געטאָן. ער האָט זיך געמאַכט ניט ווויסנדיק. פאַרקערט, ער איז געוואָרן מער צודרינגלעך און, מען וואָלט געקאָנט זאָגן, מער חוצפּהדיק. זיין עצם־פּלאַן איז דער אייגענער, וואָס איז געווען ביים גענעראַל: „באַפרייען" איי־ראָפּע פון אַמעריקע און פון אַמעריקאַנער פּאָליטישער עקספּאַנסיע. פראַנקרייך האָט נאָך ניט באַצאָלט דעם מיליאַרדן־חוב פאַר דער באַטייליקונג אין דעם ערשטן וועלט־קריג, וואָס האָט געראַטעוועט פראַנקרייך. דער ערשטער רעפּערענדום, וואָס האָט זיך אַזוי מיאוס געענדיקט פאַר פּאָמפּידון, האָט געזאָגט דעם מאַן: ווער זענט איר אויף צו געבן לעקציעס אייראָפּע, ווי אַזוי זיך פּאָליטיש צו רעאָר־גאַניזירן?

פּאָמפּידוס אויסערן־מיניסטער, דער משומד שומאַן, איז גע־וואָרן דער וואָרטזאָגער פאַר פראַנצייזיש־אַראַבישער קאָאָפּעראַציע, פאַר קלאָרער אַנט־ישראל פּאָליטיק, פאַר פּאַקטיש פראַנצייזיש־

אַנטיסעמיטישער פּאָליטיק. וואָס איז דער פּאָליטישער יחוס פון מאָריס שומאַן?

די פראַגעס וועגן דעם צושטאַנד פון דער היינטיקער פראַנצויזישער רעגירונג, אירע פּלענער פון אַרויפצווינגען דעם געמיינשאַפטלעכן מאַרק איר ווילן, ווען מען איגנאָרירט זי און מען וויל ניט מאַכן פון פּאַריז אַ פּאָליטישן וועלט־צענטער, איז מיט אַ מאָל געוואָרן אַ צוגעשפּיצטע אַקטואַליטעט. אויב די איראָפּעאישע קאָנפערענץ זאָל יאָ פאָרקומען, וועט פּאַריז אויף יעדן פאַל ניט זיין דער צענטער פון אַ רעאָרגאַניזירטער איראָפּע. די אָפּאָזיציע פאַרלאַנגט נייע פּאַרלאַמענט־וואַלן. די פּאַרלאַמענטישע מערהייט איז אַ גאָליסטישע, אָבער די מערהייט באַשטייט פון צעשפּליטערטע מינדערהייטן, וואָס באַקעמפן זיך איינע די אַנדערע.

די משומדים־גאָליסטישע פּאָליטיק פון דער היינטיקער פראַנצייזישער רעגירונג איז באַטייליקט אין אַ געוויסער מאָס אין דער סאָוויעטישער קאָנספּיראַציע אין נאָענטן אָריענט און אַ סך מער ווי „אין אַ געוויסער מאָס" אין דער אַראַבישער קאָנספּיראַציע פון עגיפּטן, סיריע און איראַק. די אָפּטע באַזוכן פון די אַראַבישע רעגירונסג־לייט אין פּאַריז און די אָפּיציעלע פראַנצייזישע באַזוכן אין די אַראַבישע לענדער רופן אַרויס אַ פאַרדאַכט וועגן דער ראָלע פון פראַנקרייך אין די טונקעלע נאַפט־געשעפטן אין איראַק, אין סיריע, אין ליביע. די רויב־נאַציאָנאַליזאַציע פון די פרעמדע ריי־זיקע אינוועסטירונגען אין די נאַפט־קוואַלן אין איראַק האָט אַרויסגערופן אַ געוואַלדיקע באַגייסטערונג אין מאָסקווע. דאָס קאָן מען ניט פאַרשטיין, ווען מען דערמאָנט זיך, אַז אַ פּאָר טעג פאַר פרעזידענט ניקסאָנס אָנקומען קיין מאָסקווע האָט מאַרשאַל גרעטשקאָ באַזוכט איראַק און זיכער געגעבן די סאָוויעטישע ברכות אויף דער נאַציאָנאַליזאַציע פון די פרעמדע אינוועסטיציעס.

די געשיכטע פון די פרעמדע קאַפּיטאַלן אין די אַראַבישע נאַפט־ביזנעס איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך, און ניט דאָ איז דער פּלאַץ אָפּצושטעלן זיך אויף די איינצלהייטן פון דער פראַנצייזישער באַטייליקונג אין דער איראַקישער אונטערנעמונג. פאַר אונדז איז

וויכטיק נאָר פעסטצושטעלן, וואָס מיינט די פראַנצייזישע באַטיי־ליקונג. פראַנקרייך איז געוואָרן פּאָליטיש פאַרבונדן מיט די אַראַ־בישע לענדער און זיי, די איראַקער, ניט פאַרנקרייך, וועלן באַ־שטימען די פּאָליטיק פון דער ברודערשאַפט — אַזוי לאַנג ווי דער היינטיקער רעזשים וועט אָנהאַלטן, דער רעזשים פון אַ פּאָמפּידו און זיינע באַהעלפערס. לויט דער איפּערעגונג און נערוואָזיטעט פון דע־גאָלס תלמידים און יורשים פילן זיי, אַז עס קומען אָן שווערע צייטן פאַר זיי. די פאַראייניקונג פון די פאַרשידענע גרופּירונגען אין דער אָפּאָזיציע איז אַ לאַנגער און שווערער פּראָצעס, אָבער ער מוז זיך פאַרענדיקן מיט שאַפן אַ מאַכט, וואָס זאָל אַ סוף מאַכן צו דעם נעאָ־גאָליזם און זיינע קאָנסעקווענצן. ניט דייטשלאַנד און ניט ענגלאַנד וועלן ניט גוט מאַכן די פּאָליטיק פון דעם היינ־טיקן רעזשים אין פּאַריז.

עס ווייזט זיך אַרויס, אַז קעי ד׳אָרסעי, שומאַנס מיניסטעריום פאַר אויסלענדישע ענינים, האָט אַ האַנט, אַ סך מער ווי מען האָט געמיינט, אין דער אַראַבישער טעראָר־אַקציע אין לאַנד. די אידעען פון די איצטיקע פראַנצייזישע רעגירונגס־פירערס וועגן אַ נייער אייראָפּע אינטערעסירן קיינעם ניט אַזוי לאַנג, ווי זיי בלייבן ביי דער מאַכט. דאָס איז היינט דער אמתער קריזיס אין אייראָפּע. דער קריזיס באַרירט, נאַטירלעך, יידישע אינטערעסן, אָבער קודם כל דראָט ער גאַנץ אייראָפּע.

(„פרייע אַרבעטער שטימע״, דעם 1־טן יולי 1973)

# אַמעריקע און אייראָפּע

אַן ערנסטער קאָנפליקט צעוואַקסט זיך צווישן די צוויי קאָנטי־נענטן, אַזוי ערנסט, אַז וויפל מען זאָל זיך ניט אָנשטרענגען צו האַלטן אים געהיים, קאָן מען אים מער ניט פאַרשלייערן מיט דיפּ־לאָמאַטישע רייד. צו וואָס דער קאָנפליקט קאָן פירן און מיט וואָס ער קאָן זיך ענדיקן, קאָן מען היינט ניט פאָראויסזען. עס איז אָבער ניט קלוג צוצומאַכן די אויגן און ניט וועלן עס זען.

עס ווערט די לעצטע חדשים אַ סך גערעדט און געשריבן וועגן פּרעזידענט ניקסאָנס באַזוך אין מאָסקווע נאָך דעם ווי ער האָט באַזוכט פּעקין. אַלע, אויך די שאַרפסטע און פאַרביסנסטע פיינד פונעם אַמעריקאַנער פּרעזידענט, האָבן זיך געפרייט מיט דעם דער־פאָלג פונעם דייטש־יידישן פּראָפעסאָר פון האַרוואַרד־אוניווערסיטעט, וועלכער האָט באַוויזן די קונסט פון דורכפירן גוט אַזאַ גרויסע שלי־חות. די צוויי באַזוכן פון פּרעזידענט ניקסאָן האָבן אַ גרויסן חלק אין זיין קאָלאָסאַלן זיג ביי די וואַלן.

די צוויי באַזוכן זענען טאַקע אַ גרויס קונצשטיק. ניט נאָר אַמעריקע איז געווען צעקריגט מיט כינע און מיט סאָוויעט־רוס־לאַנד, נאָר די צוויי קאָמוניסטישע גרויסמאַכטן זענען געווען און פאַרבליבן צעקריגט צווישן זיך. כינע האָט ערשט מיט עטלעכע וואָכן צוריק ווידער אָפיציעל באַשולדיקט סאָוויעט־רוסלאַנד אין גרייטן זיך צו אַ מלחמה — אין זאַמלען ביי דער כינעזישער גרענעץ אַ מיליאָן סאָלדאַטן...

די שמחה איז געוואָרן גאָר גרויס, ווען רוסלאַנד און כינע

האָבן איינגעקויפט אין די פּאַראייניקטע שטאַטן און אין קאַנאַדע מיליאָנען טאָנען ווייץ און אַלערליי עסנוואַרג מיט גרויסע קרעדיטן. עס איז אַ שלעכטע גערעטעניש אין כינע און רוסלאַנד דאָס יאָר און עס איז אַ גליק, וואָסביידע אַמעריקאַנער לענדער האָבן געהאַט ביי זיך גרויסע רעזערוון פון קאָרן.

איז דאָך גוט, וואָס אַ דאַנק אַמעריקע האָט דער שלום געקאָנט אַזוי פריי אַריינמאַרשירן אין דעם אַזוי־גערופענעם „טריאַנגל״, די דריי גרויסמאַכטן? ניין, עס ווייזט אויס, אַז עס איז עפּעס ניט אין אָרדענונג. שלום איז אוודאי גוט, אָבער אַ שלום ווו סאָוויעט־רוסלאַנד וויל זיין צווישן די וויכטיקסטע מחותנים און ווערט באַגלייט מיט נייע וואָפן־ליפערונגען צו סיריע און איראַק איז שוין ניט אַזוי גוט. און וואָס איז דאָס פּלוצלינג, ניט מיר, ניט דיר, אַ „פּאַציפיסטישע״ קאָנפערענץ אין העלסינקי, פינלאַנד? ניט קיין זייער געהיימע, אָבער זייער וויכטיקע קאָנפערענצן קומען פאָר ביי דער „נאַטאָ״, ווו מען איז שטאַרק באַזאָרגט וועגן די אַמעריקאַנער פאַרהאַנדלונגען מיט סאָוויעט־רוסלאַנד בנוגע פּראָבלעמען, וואָס געהערן צו דעם פּראָגראַם פון „נאַטאָ״. אין שפּיץ פון דער „נאַטאָ״ שטייט היינט לונס, דער געוועזענער אויסערן־מיניסטער פון האָלאַנד, אַ מאַן ניט נאָר פון אַ גרויסן קוראַזש און טעמפּעראַמענט, נאָר אויך פון גרויסער אינטעליגענץ און פּרינציפּן.

די אומצופרידנקייט פון „נאַטאָ״ מיט די סעפּאַראַטע אַמעריקאַניש־רוסישע פאַרהאַנדלונגען האָט אויפגעלעבט די גאַנצע געשיכטע פון „נאַטאָ״ און דע־גאָלס חוצפּה, ווען ער האָט פּשוט אַרויסגעטריבן די אָרגאַניזאַציע פון פראַנקרייך. די אַמעריקאַנער אַרמיי איז, ווי באַקאַנט, געווען באַטייליקט אין איראָפּע אין ביידע וועלט־מלחמות און מען דאַרף ניט האָבן קיין צו גרויסע פאַנטאַזיע זיך פאָרצושטעלן, וואָס וואָלט געשען, למשל, מיט פראַנקרייך, אויב די גרויסע אַמעריקאַנער אַרמייען וואָלטן ניט אַריבערגעקומען קיין איראָפּע. אָבער דער גורל האָט געוואָלט, אַז ניט אַ קלעמאַנסאָ, נאָר אַ גענעראַל דע־גאָל, מיט איבערגעטריבענע גרויסקייט־מאַניעס, זאָל זיך שטעלן אין דער שפּיץ פון פראַנקרייך נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה

און מאַרשירן צוזאַמען מיט גענעראַל אײזענהאַוער, אַזוי ווי ער וואָלט מיטגעמאַכט די מלחמה. עס האָט זיך אָנגעהויבן די קאַמ־פּאַניע קעגן אַמעריקע, קעגן דעם אַמעריקאַנער איינפלוס און קעגן דאָלאַר. דער מיליאַרדן־חוב פון פראַנקרייך צו אַמעריקע איז נאָך אַלץ אַ חוב, אָבער דער דאָלאַר האָט פאַרלוירן אַ טייל פון זיין ווערט. מיט ווייניקער טאַלאַנט און מיט ווייניקער חוצפּה טוען דאָס ווייטער די יורשים פון דע־גאָלן. פראַנקרייך איז מער ניט קיין מיטגליד פון „נאַטאָ", אָבער איז פאַרבליבן אין אַטלאַנטיק־בונד. גאָליזם, ווי אַ פּאָליטישע אידעע, גאָליזם, ווי אַ באַוועגונג, איז היינט אין פראַנקרייך גופא קאָמפּראָמיטירט. „נאַטאָ" אַליין איז אין אַ געוויסער מאָס אַ קרבן פון דעם גאָליסטישן פּאַטריאָטיזם און נאַציאָנאַליזם, אָבער עס איז קלאָר, אַז פאַר דעם דורכשניטלעכן אַמעריקאַנער איז איראָפּע געוואָרן אַ שווערע לאַסט, ניט קיין אינטערעסאַנטע לאַסט. האָט ניקסאָן גענומען אַ ווייניק־באַקאַנטן יידישן פּראָפעסאָר, געשיקט אים קיין פּעקין און מאָסקווע און גענומען דירעקט פאַרהאַנדלען מיט זיי, אָן די פאַרבינדעטע פון אַמעריקע.

מען קאָן פאַרשטיין, אַז די „נאַטאָ"־פירערשאַפט איז אויפגע־בראַכט אין אַ געוויסן זין פון דעם, וואָס אַמעריקע וויל האַנדלען פולשטענדיק אומאָפּהענגיק אין די זיכערקייטס־פּראָבלעמען. אָבער „נאַטאָ" איז אַליין שולדיק אין דעם, וואָס ס'איז געשען: אַנשטאָט אַרויסגעוואָרפן צו ווערן פון פראַנקרייך פון דע־גאָלן, האָט זי געדאַרפט אַרויסוואַרפן דע־גאָלן פון עליזיי־פּאַלאַץ צוזאַמען מיט זיינע צוויי משומדים. איז צו שפּעט וועגן דעם צו רעדן.

פאַר די לעצטע טעלעכע חדשים האָט מען פאַרשפּרייט „קלאַנ־גען", אַז אַמעריקע האָט באַשלאָסן צוריקברענגען קיין אַמעריקע אַ טייל פון איר אַרמיי אין איראָפּע. די „קלאַנגען" האָט אַמעריקע ווידער אַ מאָל געלייקנט. אָבער די קלאַנגען זענען ווידער און ווי־דער פאַרשפּרייט געוואָרן. אימעצער מוז זיין שטאַרק אינטערעסירט אין דעם, אַז דער עולם זאָל נעמען ערנסט די קלאַנגען...

די לעצטע אַנטוואָפענונגס־קאָנפערענץ אין העלסינקי איז ניט

ווערט מער ווי אַ שמעק טאַבאַק. עס איז אַ קאָנפערענץ וועגן צו־גרייטן אַ נייע קאָנפערענץ. עס איז אַ קאָנפערענץ וועגן באַגרענעצן די פּראָדוקציע פון וואָפן — ווייל עס איז שוין דאָ איבער גענוג וואָפן. בכל אופן האָט סאָוויעט־רוסלאַנד גענוג וואָפן, כדי צו באַ־זאָרגן יעדן אויפשטאַנד און טעראָר קעגן דער פרייער וועלט. די קאָנפערענץ איז גערופן געוואָרן, כדי צו טאַפּן דעם דופק איינער ביים צווייטן. נאָך דעם וועט מען זען ווו מען האַלט און צי עס האָט טאַקע אַ זין צו רופן אַ גרויסע קאָנפערענץ...

דערווייל איז וויכטיק אַ נייער קלאַנג, וואָס קומט פון פּאַריז: אַז פּאָמפּידו שיקט אַוועק זיין אויסערן־מיניסטער, דעם משומד שו־מאַן און אַז דאָס ווערט געטאָן צוליב זיין בולטער פיינדשאַפט צו אַמעריקע. די אַמעריקאַנער רעגירונג זאָל האָבן אָנגעטייט, אַזוי הייסט עס, אַז זי וויל ניט האָבן צו טאָן מיט אים...

קיין אָפיציעלע אָדער ניט־אָפיציעלע אָפּלייקענונג פון דעם קלאַנג האָבן מיר ניט געזען. דערווייל דאַרף מען נאָכפאָלגן די קאָנ־פערענצן און די „קלאַנגען”,ביידע, די וואָס מען האָט אָפּגעלייקנט און די, וואָס מען האָט נאָך ניט אָפּגעלייקנט...

**
*

אין די גרויסע געשעענישן, וואָס שפּילן זיך אָפּ צווישן אַמע־ריקע און אייראָפּע, שפּילט פראַנקרייך, זינט דע־גאָלס ממשלה, אַ דעסטרוקטיווע ראָלע. איר הינטערקוליסן־פּאָליטיק מיט מאָסקווע שוואַכט אָפּ דעם כוח פון דעם דעמאָקראַטישן פראָנט, וואָס איז אָר־גאַניזירט אין „נאַטאָ”. דעריבער איז כדאי צו זאָגן אַ פּאָר ווערטער, וואָס האָבן אַ דירעקטע שייכות מיטן קאַמף צווישן די צוויי קאָנטי־נענטן אַמעריקע — אייראָפּע.

לויט דעם אַמעריקאַנער סענאַטאָר האַמפרי, האָט מען געגעבן דער סאָוויעטישער רעגירונג צו פאַרשטיין, אַז איינע פון די וויכ־טיקסטע באַדינגונגען פאַר נייע מיליאַרדן־ביזנעס מיט אַמעריקע איז אַן ענדערונג אין דער סאָוויעטישער פּאָליטיק בנוגע יידן. האַמ־

פרי איז לעצטנס געווען אין מאָסקווע — צום דריטן מאָל — און האָט די דערקלערונג געמאַכט אין באָן, אויף זיין צוריקוועג פון מאָסקווע קיין וואַשינגטאָן. נאַטירלעך, איז די ענדערונג אין דער סאָוויעטישער יידן־פּאָליטיק אַ טייל פון אַן אַלגעמיינער ענדערונג. אַן אַנדער דערקלערונג דירעקט פון מאָסקווע וועגן דעם, אַז מען האָט געגעבן ראָי מעדוועדיעוון, דעם באַקאַנטן געלערנטן און חבר פון דעם איצט־באַרימטן בוך „סטאַליניזם, זיין געשיכטע און זיינע קאָנסעקווענצן", אַ וויזע אויף צו פאָרן קיין ענגלאַנד, איז אַ באַווייז, אַז עפּעס האָט זיך יאָ געענדערט אינעם קרעמל. מען וויל האָבן געשעפטן מיט אַמעריקע אויף מיליאַרדן און מען ווייסט, אַז נאָר דורך אַ געוויסער ענדערונג אין רעזשים קאָן דער ווונטש רעאַליזירט ווערן.

איז דאָס אַלץ אַ חלום? אפילו פאַר אַ חלום איז דאָס צו פיל און עס לאָזט זיך שווער גלייבן אין דער סענסאַציע. צו די נאַטירלעכע ספקות פירן אויך די לעצטע מעלדונגען פון פּאַריז: פּאָמפּידו, דער פּרעזידענט פון פראַנקרייך, פאָרט אין גיכן אויף אַ קורצן באַזוך קיין מאָסקווע „אויף צו זען זיך מיט ברעזשניעוון" און אַז גרעטשקאָ, דער סאָוויעטישער קריגס־מיניסטער, קומט קיין פּאַריז צו פירן פאַרהאַנדלונגען. די מעלדונג איז זיכער ניט קיין חלום...

ווען מען ווייסט, ווי שאַרף און היציק עס הייבט זיך אָן אַ וואַל־קאַמפּאַניע אין פראַנקרייך — די וואַלן וועלן פאָרקומען אין דריי חדשים אַרום — הויפּטזאַכלעך צוליב אַן אָפּמאַך צווישן די פראַנ־צייזישע קאָמוניסטן און די פראַנצייזישע סאָציאַליסטן; ווען מען ווייסט, אַז פּאָמפּידו איז שטענדיק געווען אין פראַנקרייך דער הויפּט־פּראָפּאַגאַנדיסט קעגן קאָמוניזם און קאָמוניסטן, — קאָן מען זיך אָנשטויסן פאַר וואָס ער פאָרט זיך זען מיט ברעזשניעוון.

גראָד לעצטנס זענען פאָרגעקומען אין בריסל זייער וויכטיקע קאָנפערענצן פון „נאַטאָ", וואָס איז די גרעסטע זאָרג פון דעם „וואָר־שעווער פּאַקט". די „נאַטאָ"־קאָנפערענץ איז דאָס מאָל אַזוי וויכ־טיק, אַז צו די זיצונגען איז ספּעציעל געקומען ראָדזשערס, דער שעף פונעם סטייט־דעפּאַרטאַמענט.

פּאָמפּידוס באַזוך אין מאָסקווע וועט קוים פאַרבעסערן זיין לאַגע אין פראַנקרייך. ער איז פּאַקטיש אויסגעשפּילט אין לאַנד. איין סקאַנדאַל קומט נאָך דעם אַנדערן און סקאַנדאַלן ווי דאָס אַוועקשיקן דעם פּרעמיער־מיניסטער שאַבאַן פּונקט נאָך דעם ווי דער פּאַרלאַמענט האָט אים אויסגעדריקט זיין צוטרוי מיט אַ גרויסער מאַיאָריטעט, אָדער דאָס באַגנעדיקן אַ צום טויט־פּאַרמשפּטן פראַנצויז, וואָס האָט געדינט דער געסטאַפּאָ, אומגעבראַכט אַ מאַסע יידן און פראַנצויזן און אויסגערויבט זיי; אַ סך אַנדערע קלייניקייטן, וועגן וועלכע מען שושקעט זיך שטילערהייט — דאָס אַלץ גרייט צו דעם סוף פון פּאָמפּידוס קאַריערע. עס פעלן ניט קיין אַוואַנטוריסטן, וואָס זאָגן, אַז אין פאַל די גאָליסטן וועלן האָבן אַ דורכפאַל ביי די וואַלן, וועט פּאָמפּידו אויפלייזן דעם פּאַרלאַמענט .זיכער איז, אַז אין פאַל פון אַ גאָליסטישער מפּלה וועט פּאָמפּידו זיין געצוווּנגען צו פאַרלאָזן דעם עליזיי־פּאַלאַץ פאַר דעם טערמין.

(„פרייע אַרבעטער שטימע״, פעברואַר 1973)

# דייטשלאַנדס רענעסאַנס

עס איז פון די גרויסע פּאָליטישע סענסאַציעס, וואָס מען קאָן שטענדיק דערוואַרטן אי פון סאָוויעט־רוסלאַנד, אי פון דייטשלאַנד. ווילי בראַנדט, דער פּעאיקער סאָציאַליסטישער רייכס־קאַנצלער פון מערב־דייטשלאַנד — קיין מאָל פון קיינעם ניט באַשולדיקט אין פּאָליטישער בלאָפעריי און אין פּאַלשן קאָרטן־שפּיל — האָט דאָס מאָל איבערגעטאַנצט ברעזשניעוון און זיינע מיטאַרבעטערס. מיט גרויסער אויסגעהאַלטנקייט און געדולד, מיט אָפענע, רואיקע רייד מיט דעם קרעמל, האָט ער דערפירט די פּאַרהאַנדלונגען צווישן באָן און פּאַנקאָוו, דעם רוסיפיצירטן הויפטזיץ פון מזרח־דייטשלאַנד, צו אַ פּאַרשטענדיקונג און צו אַ פּאָרמאַלן אָפּמאַך צווישן די צוויי דייטשלאַנדס. ס׳איז כמעט אַן אומגלייבלעכע סענסאַציע!...

די סענסאַציע באַשטייט אין דעם וואָס אָפיציעל און פּאָרמאַל איז געבוירן געוואָרן אַ צווייטע דייטשלאַנד, אָבער פּאַקטיש איז פון די צוויי דייטשלאַנדס, ווידער געוואָרן איין דייטשלאַנד, דאָס אַמאָליקע דייטשלאַנד. אפילו פּאַר דייטשלאַנד אַליין איז שטענדיק געווען אַן ערנסטער נאַציאָנאַלער פּראָבלעם די פאַרשידנקייט צווישן מערב־דייטשלאַנד און פּרייסן. די „פּרייסישע יונקערס״, ווי מען פלעגט אָנרופן די אַרכי־קאָנסערוואַטיווע פּרייסישע גרויסע פּריצים, פלעגן זיך האַלטן פּאַר די אמתע הונדערט־פּראָצענטיקע טרעגערס פון געדמאַניזם. פּרייסן איז געווען די וויכטיקסטע פּאָזיציע אין מזרח פון דייטשלאַנד פון וואַנען עס האָט זיך געזאָלט אָנהייבן דער „מאַרש נאָך אָסטען״.

דער שרייבער פון די שורות האָט שטודירט עטלעכע יאָר אין בערלין, אין דער לאַנדווירטשאַפטלעכער הויכשולע, ווו עס האָבן זיך ס'רוב געלערנט די זין פון די פּרייסישע יונקערס. אין אָט דער שולע האָט זיך געלערנט (פריער פאַר מיר) מיין לאַנדסמאַן און באַקאַנטער אַגראָנאָם ד"ר סאָסקין, וועלכער האָט אין זיין צייט גענומען אַן אָנטייל אין ד"ר הערצלס עקספּעדיציע קיין וואדי-על-אריש. צווישן די פּראָפעסאָרן אין דער הויכשולע איז געווען דער באַרימטער פיזיאָלאָג פּראָפעסאָר צונץ.

בכלל איז פּראָפ. צונץ געווען אַ ליבער פריינדלעכער מענטש מיט אַן אייביקן זיסן שמייכל אויפן פּנים און דאָס האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן, ווען מען האָט אַרום געזען די צופרידענע אָנגעפּרעסענע מאָרדעס פון די יונגען פון די פּרייסישע גוט-באַזיצערס.

פּרייסן איז געווען דער הויפּט-צענטער פון דייטשן אַנטיסעמיטיזם, אָבער צווישן די פּראָפעסאָרן פון מיין הויכשולע זענען געווען, חוץ פּראָפ. צונץ, נאָך עטלעכע משומדים. די לעקציעס פון צונצן זענען מיר שטענדיק געווען ליב, ווייל ער האָט שטענדיק געדרייט מיטן פינגער ביים רעדן, ווי ער וואָלט געהאַלטן אַ דרשה, שטענדיק גערעדט יידישלעך, און די דייטשע אוידיטאָריע האָט זיך ניט געקאָנט איינהאַלטן און ניט שמייכלען אים אַנטקעגן פריינדלעך. ס'איז געווען אַ גאַנץ ספּעציעלע אידיליע.

פּרייסן, פּרייסישע רעאַקציאָנערע פּאָליטיק, פּרייסישער עקסטרעמער שאָוויניזם קאָנען פאַרגליכן ווערן, ווי מערקווערדיק דאָס זאָל ניט קלינגען, מיט דעם אָרטאָדאָקסישן רוסישן קאָמוניזם: קיין דיסקוסיעס! טוט וואָס מען הייסט אייך טאָן, צי עס געפעלט אייך אָדער ניט! היינט איז קיין פּרייסן ניטאָ.

עס וואָלט אונדז ווייט פאַרפירט, אויב מיר זאָלן זיך אַוועקלאָזן דאָ אין דער געשיכטע פון פּרייסן און איר ראָלע אין דער דייטשער פּאָליטיק פאַר די לעצטע צוויי הונדערט יאָר. עס איז גענוג צו זאָגן, אַז ניט געקוקט אויף דער עפּאָכע פון די קייזערס מיט ווילהעלם דעם צווייטן אין דער שפּיץ, ניט קוקנדיק אויף דעם נאַציזם און זיין מפּלה, איז דער רוקנביין פון דעם דייטשנטום

ניט געבראָכן. מערב־דייטשלאַנד איז היינט אי פּאָליטיש, אי עקאָ־נאָמיש אַ שטאַרקע מלוכה. עס בלייבט נאָר די פראַגע: וועלן דאָס זיין צוויי דייטשלאַנדס אָדער איין דייטשלאַנד אין דער אָדער יענער פאָרעם? דאָס איז אַ פּראָבלעם פאַר גאַנץ אייראָפּע...

די סאָוויעט־רעגירונג איז איבערצייגט, אַז כמעט דרייסיק יאָר נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה וועט זי נאָך אַלץ קאָמאַנדעווען אין אייראָפּע, גאַנץ באַזונדערס אין מזרח־דייטשלאַנד. און אין די דרייסיק יאָר האָט זיך דאָך עפּעס געענדערט, זיכער אויך אין סאָוויעט־רוסלאַנד. אַנשטאָט עגיפּטן איז דער פּאַן־אַראַבישער צענ־טער אַריבער קיין סיריע, איראַק, און אפילו ליביע שפּילט איצט אַ גרעסערע ראָלע אין אַפריקע ווי עגיפּטן...

עס זענען אַוועק נאָר עטלעכע שעה, מעג מען זאָגן, נאָך דעם, ווי מזרח־דייטשלאַנד איז געוואָרן אַ „סוווערענע" מלוכה, ווי די מאָסקווער רעגירונג האָט אָנגעהויבן שיטן מיט דיפּלאָמאַטישע נאָטעס קעגן אַ צו אינטימער דערנענטערונג צווישן די צוויי דייטשלאַנדס. די סאָוויעט־רעגירונג פאַררופט זיך אויף אַן אַלטן, אַ פינף און צוואַנציק יאָר אַלטן אָפּמאַך צווישן די גרויסע מלוכות וועגן אַ קאָנטראָל איבער דעם געשלאָגענעם נאַציסטישן דייטש־לאַנד. זיי מאַכן זיך לעכערלעך אין קרעמל, ווען זיי ווילן אויפ־לעבן דעם גייסט פון יענע שוואַרצע טעג. אין דער שפּיץ פון דייטש־לאַנד, מערב־דייטשלאַנד, שטייט די פּראָמינענטע פיגור פון ווילי בראַנדט, וועלכער האָט געטאָן אַלץ, וואָס איז נאָר מעגלעך, כדי אַראָפּצונעמען די מיאוסע פלעקן פון דייטשלאַנדס נאָמען. די פאַר־בינדונג צווישן דעם היינטיקן קרעמל און ווילי בראַנדט האָט ניט קיין געמיינזאַמס מיט דער אַמאָליקער פאַרבינדונג צווישן היטלערן און סטאַלינען, וואָס יעדער פון זיי האָט געטראַכט נאָר וועגן דעם, ווען און ווי אַזוי בעסער אָפּצונאַרן דעם אַנדערן. נייע צייטן — נייע מענטשן!...

די נאַציאָנאַלע דראַמע פונעם דייטשן פאָלק, וואָס מען האָט איצט אָפיציעל דערקלערט פאַר צוויי סוווערענע דייטשלאַנדס, הייבט זיך ערשט איצט אָן. עס איז אַ נאַטירלעכער און לעגיטימער דראַנג

פון די באַפעלקערונגען צו פאַראייניקן זיך פון ביידע זייטן, וואָס די רעגירונגען, איינע אַ קאָמוניסטישע און די אַנדערע אַן אַנטי־קאָמוניסטישע, זאָלן ניט באַשליסן צווישן זיך.

עס איז געשען דאָס, וואָס האָט געמוזט געשען — פריער אָדער שפּעטער. עס איז אוממעגלעך היינט פאָראויסצוזאָגן, וואָס וועט זיין די רעאַקציע אין פוילן און אין טשעכאָסלאָוואַקיע אויף דער פאַקטישער דערנענטערונג פון דער באַפעלקערונג אין די ביז־איצטיקע צוויי טיילן פון דייטשלאַנד. אָבער די דייטשן האָבן אין זייערע הענט „אַ ריינע קייס", ווי דער ענגלענדער זאָגט. די צייט אַרבעט פאַר די דייטשן. צוזאַמען מיט דעם פאַרשווינדן פון דעם קייזער איז פאַרשוונדן פּרייסן. עס לעבן נאָך געגוג מיליאָנען דייטשן־נאַציס, אָבער די לאַגע אין אייראָפּע האָט זיך ראַדיקאַל געענדערט...

(„פרייע אַרבעטער שטימע", מערץ 1973)

# נאָענטער אָדער אַזיאַטישער מזרח?

## רוסישע טאַקטיקעס

ווו וועט אויסברעכן די נייע מלחמה? אין דעם נאָענטן אָריענט, אַרום דעם מיטלענדישן ים און מיט דער באַטייליקונג פון די אַראַבישע לענדער, וואָס וועט אויטאָמאַטיש פּראָוואָצירן מדינת ישראל, אָדער אין אַזיע, צווישן סאָוויעט־רוסלאַנד און קאָמוניס־טישער כינע, ווו אויף ביידע זייטן פון דער רוסיש־כינעזישער גרע־נעץ זענען קאָנצענטרירט עטלעכע הונדערט דיוויזיעס אין אַ קריגס־צושטאַנד, צוגעגרייט צו באַניצן זיך מיט אַטאָמיש וואָפן, ניט קוקנ־דיק אויף אַלע אָפּמאַכן אין וואַשינגטאָן, מאָסקווע, העלסינקי א. א. וו.

דאָס איז אַ שרעקלעכע פראַגע. דער אויסדרוק וועלט־מלחמה ווערט היינט כמעט ניט באַניצט, הויפּטזאַכלעך צוליב דעם, ווייל מען קאָן ניט פאַרגעסן, אַז אונטער קיין שום אומשטענדן וועלן די פאַראייניקטע שטאַטן מער ניט באַטייליקן זיך אין אַ נייער גרוי־סער מלחמה. וואָס פאַר אַ פרעזידענט זאָל ניט זיין אין דעם „ווייסן הויז” אין וואַשינגטאָן, אַ רעפּובליקאַנער אָדער אַ דעמאָקראַט, די עפנטלעכע מיינונג פון דעם לאַנד וועט ניט דערלאָזן, אַז ווידער זאָלן אַמעריקאַנער סאָלדאַטן אומגעבראַכט ווערן אין פרעמדע לענ־דער, אַז ווידער זאָלן מיליאַרדן פון אַמעריקאַנער דאָלאַרן פאַר־טאַכלעוועט ווערן צוליב פרעמדע מיליטערישע אַוואַנטורעס. די עפנטלעכע מיינונג אין אַמעריקע באַטייט אַ סך מער ווי מען מיינט אין אויסלאַנד. דער באַגריף וועגן דער אַמעריקאַנער „אַבי” אין קאָנגרעס און אין סענאַט ווערט זייער פאַלש אויסגעטייטשט אין

אויסלאַנד. עס איז אַ פּאָליטישער אינסטרומענט מיט אַ גרויסער ווירקונגס־קראַפט און די קאָנגרעס־לייט און סענאַטאָרן האָבן אַ גרעס־סערן דרך־ארץ פאַר אים ווי מיר מיינען אָפט.

די פינף און דרייסיק מיניסטאָרן, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער העלסינקי־קאָנפערענץ, האָבן פאַרענדיקט די ערשטע „רונ־דע" פון די דעבאַטן, אָבער זענען זיך צעפאָרן ניט אין אַ געהויבענער שטימונג. מען האָט גערעדט די גאַנצע צייט וועגן שלום אויף דער וועלט, אָבער געטראַכט די גאַנצע צייט וועגן דער מעגלעכקייט פון אַ גרויסער מלחמה. מען האָט זיך צוגעהערט צו גראָמיקאָס זיסע רייד, אָבער טשעכאָסלאָוואַקיע בלייבט נאָך אַלץ אָקופּירט פון דער רוסישער אַרמיי, יידן ווערן נאָך אַלץ געפּייניקט און אַרעסטירט מאָסגווייז. דער שעף פון דער פּאָליציי איז געוואָרן אַ מיטגליד פון דעם פּאָליט־ביוראָ און דאָס איז דאָך שוין די בייע, די „ליבעראַלע" פּאָליטיק פון ברעזשניעוון. וואָס זשע מיינען זיי אין דעם קרעמל, אַז קיינער ווייסט נישט אין אויסלאַנד, וואָס די רוסישע געהיימע פּאָליציי דערלויבט זיך צו טאָן? מיינט די פּרווי פורצעוואָ, דער מיניסטער פאַר קולטור, אַז דערמיט וואָס זי מאַכט אַ פאַראַדנעם מיטאָג אינעם קרעמל פאַר דעם באַרימטן יידישן מאָלער שאַגאַל, ווערט געכשרט די אָפיציעלע אַנטיסעמיטישע פּראָ־פּאַגאַנדע? אָדער די פאַרפאָלגונג פון רוסישע ניט־יידישע שריי־בערס?

די פראַנצייזישע גרויסע צייטונג „לע פיגאַראָ" האָט אָנגעהויבן דרוקן מאַטעריאַלן וועגן רוסישער באַוואָפענונג. די האָר שטעלן זיך קאַפּויער, ווען מען נעמט אין אַכט, אַז רוסלאַנד פאַרברויכט אַלע געלט־מיטלען אויף אַמוניציע, דאָס הייסט, אויף צוגרייטונג צו אַ גרויסער מלחמה. דאָס זענען „רעוועלאַציעס", וואָס זענען אַלע־מען שוין לאַנג באַקאַנט.

בכלל איז פאַלש די פאַרשפּרייטע מיינונג, אַז דער ווידערשטאַנד פון די אַמעריקאַנער קעגן ספּעציעלע קאָנצעסיעס און פּריווילעגיעס פאַר רוסלאַנד איז הויפּטזאַכלעך אַ סך־הכל פון דער רוסישער אַנ־טיסעמיטישער פּאָליטיק. אַמעריקע פאַרלאַנגט אַ פולשטענדיקע ענ־

דערונג פון דעם היינטיקן סאָוויעטישן רעזשים. עס דאַרף קומען אַ רעזשים פון מענטשלעכקייט, אַן אָפּזאָג פון פּאָליטישן טעראָר, אַן אָפּזאָג פון פּאָליטישע פאַרפאָלגונגען און צענזור, אַן אָפּזאָג פון דער הערשאַפט פון דער פּאָליציי.. .

וועט רוסלאַנד פון ברעזשניעוו און קאָסיגין אַקצעפּטירן אַזאַ ענדערונג? וועט דער קאָמוניסטישער רעזשים זיך אָפּזאָגן פון רוסישן קאָמוניזם? דאָס איז דער פּראָבלעם.

***

סאָוויעט־רוסלאַנד איז מאָביליזירט אויף צוויי פראָנטן — אין דעם מיטלענדישן ים, ניט זייער ווייט פון דעם באָספאָר און דעם שוואַרצן ים און אויף דער כינעזיש־רוסישער גרענעץ אויף אַ מהלך פון עטלעכע טויזנט מייל. איןביידע פאַלן איז דאָס אַן אמתע מאָבי־ליזאַציע אויפן פאַל פון אַ מלחמה. די „נאַטאָ״־אָרגאַניזאַציע האָט שוין דערקלערט עפנטלעך, אַז דער אונטערגעשריבענער אָפּמאַך אין וואַשינגטאָן, אונטערגעשריבן פון ניקסאָן און ברעזשניעוו, ענ־דערט ניט אויף קיין האָר דעם פּראָגראַם פון דער „נאַטאָ״, וואָס איז דער מיליטערישער אינסטרומענט פון דעם „אַטלאַנטיק־פּאַקט״. דערמיט וואָס עגיפּטן האָט אַוועקגעשיקט אַלע רוסישע מיליטערישע אינסטרוקטאָרן, האָט דער אַראַבישער בונד, גאַנץ באַזונדערס עגיפּטן און ליביע, באַפרייט דעם מאָסקווער קרעמל פון אַ גרויסער לאַסט, אָבער פון דעסטוועגן איז עס אַ פראַגע צי סאָוויעט־רוסלאַנד וועט ריזיקירן אַ געפערלעכע אַוואַנטורע אין דעם מיטלענדישן ים. דער אַזוי־גערופענער זעקסטער אַמעריקאַנער פלאָט פונקציאָנירט אינעם מיטלענדישן ים אַלס אַן אָרגאַן פון דער „נאַטאָ״ און ניט ווי פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג, דאָס הייסט, אַ קאָנפליקט אין מיטעלן מזרח באַטייט אַ גרויסע מלחמה מיט אַמעריקע און האַלב־אייראָפּע.

עס איז גאַנץ קלאָר, אַז דער וויכטיקסטער פּראָבלעם פון דער רוסישער פּאָליטיק איז דער קאָנפליקט מיט כינע. פּאָליטיש און עקאָנאָמיש איז דאָס היינטיקע רוסלאַנד, דאָס הייסט, דער היינטיקער

רעזשים, ניט אין שטאַנד צו פירן קיין שום מלחמה, ניט קיין גרוי־סע און ניט קיין קליינע. אָפּגעשטאַנען טעכניש, אָן גענוג ברויט צו עסן, אין נויט פון קאָלאָסאַלע קרעדיטן, וואָס מען קאָן ניט אַזוי גרינג געפינען, מוז דער רעזשים איינברעכן זיך. פּרוווט דעריבער ברעזשניעוו צו רעדן, איבערצייגן, בעטן, ביסלעכווייז נאָכגעבן אפילו אין דעם ענין וויזעס פאַר עולים קיין ישראל. נאָך אַלעמען האָט מען פאָרט דערשלאָגן זיך דערצו, אַז אין פאַרלויף פון די לעצטע צוויי־דריי יאָר האָט מען געלאָזט פאָרן קיין ישראל צענדליגער טויזנטער יידן. מען קאָן ניט דערוואַרטן, אַז דער קרעמל זאָל זיך דערקלערן אין ליבע צו ישראל, אָדער צום יידנטום בכלל. אונטער דעם דרוק פון אַלע באַדינגונגען האָט איוואַן איוואַנאָוויטש גע־מוזט נאָכגעבן. דאָס שטערן צו דעמאָנסטרירן און אויסצודריקן יידי־שע פּראָטעסטן קאָן אונטער די אומשטענדן ברענגען אונדז אַ גרויסן שאָדן. פּרעסטיזש־אַמביציעס פון דעם רוסישן קאָמוניזם איז עפּעס מיט וואָס מען מוז זיך רעכענען. זיי וועלן סיי ווי סיי ווערן בעסער און די אַלגעמיינע בעסערונג וועט אויך זיין לטובת דעם רוסישן יידנטום...

די צוגרייטונגען צום קאַמף מיט כינע ווערן פון דער סאָוויע־טישער רעגירונג געפירט איצט אין אַ גרויסן טעמפּאָ. ווייל וואָס ווייטער אַלץ וויניקער קאָנען זיי אין מאָסקווע דערוואַרטן אַ דער־פאָלג אין אַ מלחמה־אַוואַנטורע. דאָס לאַנד איז פינאַנציעל אין באַנ־קראָט, קאָמערציעל אָנמעכטיק און פּאָליטיש איזאָלירט. ווידער און ווידער ווערט דערמאָנט די נאַצי־מפּלה, ווייל היטלער האָט זיך פאַרמאָסטן צו פירן אַ מלחמה אויף עטלעכע פראָנטן און ווידער און ווידער ווערן דערמאָנט נאַפּאָלעאָנס מלחמה־מפּלות, ווען דער קאָר־סיקאַנער האָט איגנאָרירט די וואָרענונגען פון זיינע גענעראַלן ווי עס איז געווען דער פעלדצוג קיין רוסלאַנד בשעת אַן אויפשטאַנד קעגן די פראַנצויזן אין שאַפּניע. ניין, דאָס קאָמוניסטישע רוסלאַנד וועט ניט ריזיקירן אונטער די היינטיקע אומשטענדן, קיין מלחמה אין נאָענטן מזרח און אוודאי ניט אין ווייטן מזרח. פאַר דער סאָ־וויעטישער פּאָליטיק בלייבט פריי נאָר דאָס מאַנעווורירן מיט אַלער־

ליי דיפּלאָמאַטישע אָפּמאַכן. דאָס מערקווערדיקע דערביי, מיר וואָלטן געזאָגט דאָס איראָנישע, איז אין דעם, אַז די צוויי הויפּט־מחותנים זענען די פאַראייניקטע שטאַטן און מערב־דייטשלאַנד, די צוויי אַלטע פיינד, אויף וועלכע מען וויל בויען דאָס נייע רוסלאַנד און אַ דייטשער ייד איז דער הויפּט־פאַרמיטלער צווישן די צדדים. וועט סאָוויעט־רוסלאַנד עפּעס אָפּלערנען פון דעם צופאַל אָדער, ווי מען זאָגט עס איצט, דעם קאָ־אינצידענט? עס איז אין דעם עפּעס מער ווי אַ „צופאַל", גלוסט זיך צו זאָגן...

די, וואָס האָבן גאָר ניט געלערנט פון די אַלע געשעענישן אין וואַשינגטאָן, פּעקין און מאָסקווע, וועלן שפּעטער האָבן צו קלאָגן און באַקלאָגן זיך, אָבער עס וועט זיין צו שפּעט. דער גאַנג פון דער געשיכטע האָט אַ באַשטימטן טעמפּאָ. אפילו דער קרעמל האָט דאָס דערפילט און פאַרשטאַנען. פאַריז האָט עס ניט פאַרשטאַנען און, ווי עס ווייזט אויס, וויל זי עס ניט באַנעמען און רעכענען זיך מיט די געשעענישן. דאָס איז ניט דאָס ערשטע מאָל אין דער פּאָליטיק פון היינטיקן פראַנקרייך, אָבער פריער אָדער שפּעטער וועט קומען די אויסניכטערונג...

(„לעצטע נייעס, דעם 24־טן יולי 1973)

# מיטלענדישער ים

עס וואָלט אפשר ריכטיקער געווען אָנצושרייבן: „דערטרונקען אין מיטלענדישן ים". דערטרונקען די אַלטע פריינדשאַפטן צווישן יידן און פראַנקרייך. גאָרניט לאַנג צוריק האָט דאָס לאַנד געהאַט יידישע פרעמיער־מיניסטאָרן, לעאָן בלום און מענדעס פראַנס, ביידע זיכער וויכטיקערע און גרעסערע פערזענלעכקייטן ווי דער היינטי־קער פרעזידענט פון פראַנקרייך, דערטרונקען די אַלטע פריינד־שאַפט מיט ענגלאַנד, ווו דיזראַעלי־ביקאָנספילד, אַ וויכטיקער שריי־בער און איינער פון די גרעסטע ענגלישע מלוכה־לייט, האָט אין זיין צייט געשפּילט אַזאַ וויכטיקע ראָלע. עס איז אַן אויסערגעוויינט־לעך אינטערעסאַנטע געשיכטע די דעמאָלטיקע קרובהשאַפט צווישן דער העכסטער ענגלישער אַריסטאָקראַטיע און די אַלטע, טיף־איינ־געוואָרצלטע יידישע משפחות. איצט קומט אַן ענגלישער וויצע־מי־ניסטער פאַר אויסלענדישע ענינים קיין ישראל און דערלויבט זיך צו רעדן דאָרט אַזוי, ווי עס פלעגן אַ מאָל, אין די צייטן פון ענגלישן קאָלאָניאַלן אימפּעריאַליזם, רעדן ענגלישע באַאַמטע צו זייערע אונ־טערגעוואָרפענע פעלקער אין אַפריקע און אַזיע.

צייטן בייטן זיך, אָבער מענטשן ענדערן זיך ניט אַזוי גיך און ניט אַזוי שטאַרק ווי צייטן. מען פרעגט זיך: איז דאָס אַלץ צוליב דעם, וואָס דאָס אַמעריקאַנער יידנטום איז געוואָרן אַ געוויסע מאַכט און קאָן האָבן צייטנווייז אַ השפּעה אויף גרויסע מאַכט־פאַקטאָרן לטובת די קליינע יידישע ישובים? אָדער איז דאָס דערפאַר, ווייל די רעגירונג פון ישראל און די יידישע עפנטלעכע מיינונג פון

דער גאַנצער וועלט פּרווון — דערוויל אָן הצלחה — צו ראַטעווען פון אונטערגאַנג די רעשטלעך פון יידישע ישובים אין לענדער ווי איראַק און סיריע? אָדער איז דאָס אַ המשך פון דער פּאָליטיק אין די צייטן פון היטלערס ממשלה, ווען די גרויסמאַכטן האָבן געוווסט וועגן דעם אויסמאָרדן מיליאָנען יידן און האָבן ניט אונ־טערגענומען קיין ספּעציעלע מיטלען, כדי צו ראַטעווען זיי, ווייל עס זענען דערוויל געווען מער אַלגעמיינע פּראָבלעמען?... „דער־ווייל" איז אָנגעגאַנגען די פאַרניכטונג פון מיליאָנען יידן.

מיר רעדן היינט וועגן מיטלענדישן ים, ווייל מיר דערנענ־טערן זיך צום הונדערט־יאָריקן יובל פון דעם בערלינער קאָנגרעס, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין בערלין אונטער דער אָפּיציעלער פירערשאַפט פון דעם דייטשן קאַנצלער ביסמאַרק, ווו די הויפּט־ראָלע האָט אָבער געשפּילט דער ענגלישער פּרעמיער־מיניסטער בענדזשאַמין דיזראַעלי, אַ געשמדטער ייד, אָבער שטאָלץ אויף זיין יידישן יחוס, פּאַקטיש פאַרכאַפּט פון דעם יחוס. דער קאָנגרעס איז פאָרגעקומען אין בערלין סוף אויגוסט 1878.

מעדיטעראַנעי האָט געשפּילט אַ צענטראַלע ראָלע אין דער געשיכטע פון דער רוימישער אימפּעריע מיט צוויי טויזנט יאָר צו־ריק און איז געווען אַ רוימישער „מאַרע נאָסטרום". היינט איז מעדי־טאַרענעי ווידער אַ צענטראַלער פּראָבלעם.

דיביידע זייטן פון דעם מיטלענדישן ים האָבן היינט אָן אַנ־דער פּנים, פון גיבראַלטאַר, וואָס שפּאַניע פאַרלאַנגט פון ענגלאַנד אָוועקצוגיין פון דאָרטן, ביז צום סועץ־קאַנאַל און מדינת ישראל ביים סוף פונעם ים. אויף איין זייט געפינען זיך מאַראָקאָ, אַלזשיר, טוניס און ליביע, נייע סוועוערענע מלוכות מיט אייגענע אינטערעסן און אייגענע אַמביציעס, לענדער פון איסלאַם. אויף דער אַנדערער זייט זענען די סוועוערענע באַלקאַן־מלוכות. ענגלאַנד דאַרף מער ניט אָפּהיטן דעם וועג צו אינדיע און איז, אַזוי צו זאָגן, אָפּיציעל אָוועק־געגאַנגען „פון יענער זייט פון סועץ־קאַנאַל". די נייע אַראַבישע לענדער האָבן באַקומען אינוועסטירט פון אייראָפּע און אַמעריקע מיליאַרדן דאָלאַרן אויף אויסצונוצן די נאַפט־קוואַלן און ווילן, נאַ־

טירלעך, אויסנוצן די נייע אוצרות פאַר זייערע אייגענע נאַציאָנאַל־פּאָליטישע צוועקן.

ווען מען באַטראַכט רואיק די איצטיקע פּאָליטישע לאַגע אין איראַק, סיריע און ליביע, וואָס לאָזן זיך ניט פירן פון עגיפּטן, און די איצטיקע לאַגע אין גריכנלאַנד — קאָן מען ניט זאָגן, אַז די צו־קונפט פון מדינת ישראל איז זייער אַ זיכערע און אַז מען מעג שלאָפן רואיק. מען מעג אָבער זיין זיכער, אַז בעת די ניקסאָן־ברעזש־ניעוו פאַרהאַנדלונגען אין וואַשינגטאָן האָט מען ערנסט אַרומגע־רעדט די לאַגע אין מעדיראַנעי. צי מען איז געקומען צו אַ מין פאַרשטענדיקונג, איז דערווייל ניט באַקאַנט, דערווייל...

מעדיטעראַנעי איז געווען און פאַרבלייבט אַ צענטער פון פאַר־שידענע, אָפט קעגנגעזעצטע אינטערעסן. אויב עס איז ניטאָ קיין שלום צווישן די מחמדאַנער לענדער — איז קיין גרויסער שלום ניטאָ אויך צווישן די קריסטלעכע „פאַרבינדעטע". שפּאַניע געפינט זיך אין אַ פּערמאַנענטן קאָנפליקט מיט ענגלאַנד, פראַנקרייך פאַר־בלייבט אין דעם אַטלאַנטיק־פּאַקט, האָט אָבער פאַרלאָזן די „נאַטאָ" און הערט ניט אויף צו בלאָזן פון זיך און פאַרלאַנגען, אַז מען זאָל אָנערקענען דאָס לאַנד פאַר אַ גרויסמאַכט. דער לעצטער קאָנפליקט צווישן די פאַראייניקטע שטאַטן און פראַנקרייך צוליב דער שלעכ־טער געדעטעניש פון די סאָיאַ־בעבלעך אין אַמעריקע און פאַר־קלענערונג פון זייער עקספּאָרט קיין פראַנקרייך, האָט אַרויסגערופן אַ שטאַרקן פּאָליטישן שטורעם, ווייל מען דאַרף האָבן די בעבלעך אויף צו האָדעווען די פראַנצייזישע חזירים. דער שטורעם האָט זיך אַריבערגעטראָגן אפילו אין דעם „געמיינשאַפטלעכן מאַרק", ווו מערב־דייטשלאַנד און ענגלאַנד האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען אַן אָנטייל אין דער פראַנצייזישער קאַמפּאַניע קעגן די פאַראייניקטע שטאַטן.

אונטער אַזעלכע אומשטענדן איז ניטאָ קיין האָפענונג אויף אַ פאַרשטענדיקונג צווישן די גרויסמאַכטן, און די קליינמאַכטן ווערן אַ גרויסע סכנה, אַ סכנה הויפּטזאַכלעך פאַר די לענדער, וואָס ווילן ניט שפּילן אַ דאָמינירנדיקע ראָלע אין דעם מיטלענדישן ים...

(„פרייע אַרבעטער שטימע", סעפּטעמבער 1973)

# „אוניווערסאַלע האַרמאָניע"

דעם אויסדרוק פון אַן אַלגעמיינער וועלט־האַרמאָניע, באַנוצט אַמאָל פון דייטשן פילאָסאָף לייבניץ, האָט איצט באַנוצט דער פראַנ־צייזישער פרעזידענט פּאָמפּידו, בשעת אַן אָפיציעלן מיטאָג אין דער פראַנצייזישער אַמבאַסאַדע אין פּעקין, לכבוד טשו ען ליי, כי־נעזישן פּרעמיער־מיניסטער. דער אַזוי שיין־קלינגענדיקער ווונטש איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן גראָד אין די טעג, ווען אַ גרויסע גרופּע פון מיליטאַנטיש „אַנגאַזשירטע" לענדער — זיי האָבן זיך אַליין געגעבן דעם לעכערלעכן צונאָמען „ניט־אַנגאַזשירטע" לענדער — האָט באַשלאָסן צו פירן אַן אמתע מלחמה קעגן די גרויסמאַכטן, וועלכע איגנאָרירן די דראָאונגען פון קאַדאַפי און פידעל קאַסטראָ; גראָד אין די טעג ווען אין טשילי ברעכט אויס אַ מיליטערישע קאָנטער־רעוואָלוציע און איענדע, דער לעגאַל־אויסגעוויילטער פּרע־זידענט, באַגייט זעלבסטמאָרד מיט דעם רעוואָלווער, וואָס קאַסטראָ האָט אים געגעבן אַלס מתנה בשעת זיין באַזוך אין טשילי; גראָד אין די טעג ווען אין קאָווייט ווערט אָרגאַניזירט אַן אמתע פּאַר־שווערונג צו פּראָקלאַמירן אַ שטענדיקן באָיקאָט פון די אַמערי־קאַנער און מערב־איראָפּעאישע לענדער, וועלכע האָבן מיט זייערע מיליאַרדן־אינוועסטיציעס אויפגעבויט די אַראַבישע נאַפט־אינ־דוסטריע.

מען וואָלט געקאָנט אָנגיין מיט דער רשימה אָן אַן עק, וויי־זינט דעם סוף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז ניט געוועזן קיין איינציקער טאָג, ווען מען וואָלט געקאָנט רעדן וועגן אַן „אוני־ווערסאַלער האַרמאָניע".

אין מזרח־דייטשלאַנד הערשט נאָך אַלץ אַ נאַצי־קאָמוניסטישער רעזשים. ניט קוקנדיק אויף אַן אָפּמאַך מיט מערב־דייטשלאַנד, סאָוויעט־רוסלאַנד באַטראַכט נאָך אַלץ מזרח־דייטשלאַנד ווי אַ רוסישן פּראָטעקטאָראַט. דער בירגער־קריג אין אירלאַנד טראָגט איצט כמעט דעם זעלבן כאַראַקטער ווי מיט זעכציק יאָר צוריק, ווען דע וואַלעראַ איז געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דער באַוועגונג און בלוט האָט זיך געגאָסן טייכנווייז.

קאָן מען היינט רעדן וועגן אַן „אוניווערסאַלער האַרמאָניע", ווען אין אוגאַנדאַ הערשט אַזאַ נפש ווי גענעראַל אַמין און אין ראָדעזיע — אַ דזשענטעלמאַן ווי יאַן סמיט, ניט רעדנדיק שוין פון די מערדערייען אין די אָפּגעשלאָסענע פינצטערע לעכער אין צענטראַל־אַפריקע. די שיינע פאָרמולע פון לייבניץ קלינגט ווי אַ ביטערע איראָניע, ווען מען פרוווט צו נעמען זי ערנסט.

די וועלט איז צעריסן און געשפּאָלטן. פון מאָרד און גזילה זענען ניט פאַרזיכערט, ניט פּאַריז און ניט לאָנדאָן, אפילו ניט וואַשינגטאָן, ניט ניו־יאָרק און ניט רוים. דער לעצטער צוזאַמענשטויס אין דער לופטן פון דער סירישער און ישראלדיקער מיליטערישער אַוויאַציע איז נאָך אַן עפּיזאָד אָדער אַן אַקצידענט.

דער טראַגישער טויט פון אַיענדע איז אַן אָנזאָג פון גרויסע קאַמפן אויף אַלע קאָנטינענטן. מען טאָר ניט פאַרגעסן, אַז אַיענדע איז אפילו אידעאָלאָגיש באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. טשילי האָט פריער באַקומען פון אַמעריקע פינאַנציעלע הילף, קרעדיטן, הלוואות און האָט אין דער אייגענער צייט נאַציאָנאַליזירט גרויסע אַמעריקאַנער אונטערנעמונגען. מען פאָרשט איצט, צי די אַמעריקאַנער געהיימע דינסטן האָבן צוגעגרייט, אָדער צוגעהאָלפן דעם אויפרייס אין טשילי. עס איז אַזוי גוט ווי זיכער, אַז דער אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליזם האָט זיך אין וועלכער ס'איז פאָרעם יאָ באַטייליקט אין די טראַגישע געשעענישן, וועלכע זענען אַ וואָרענונג פאַר די אַראַבישע רעגירונגען, וואָס גרייטן זיך צו נאַציאָנאַליזירן, דאָס הייסט, צו קאָנפיסקירן די אַמעריקאַנער אינוועסטיציעס.

קאַפּיטאַליזם פּאַרטיידיקט זיינע אינטערעסן. אַזוי לאַנג ווי קאַס־טראָ און מאָסקווע וועלן אָנגיין מיט דער אַטאַקע אויף די פּריוואַטע אונטערנעמונגען, וועט די פּריוואַטע איניציאַטיוו זיך רעוואָלטירן. דער רעוואָלווער וואָס קאַסטראָ האָט געשאָנקען אַיענדען איז אַ סימבאָל. מאָסקווע האָט פּאַרטאַכלעוועט הונדערטער מיליאָנען אין די אַראַבישע לענדער; האָט אָבער ניט געהאָלפן אַיענדען אויסמיידן אַן עקאָנאָמישע קאַטאַסטראָפע. דער זעלבסטמאָרד פון אַיענדע האָט אַרויסגערופן אַ שאָק אין דער גאַנצער וועלט, ווייל ער איז דאָך אויסגעוויילט געוואָרן אויף זיין אַמט און איז ניט געקומען צו דער מאַכט דורך אַ פּוטש, צי אַן איבערקערעניש. ער האָט אָבער איבער־געכאַפּט די מאָס און שנעל פאַרוואַנדלט זיין מאַכט אין אַ „דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט", זייענדיק אָפּהענגיק פון פרעמדן קאַפּיטאַל. אַן אויפריכטיקער אידעאַליסט איז ער פאַרט געבליבן, אַן אַמאַטאָר אַלס אַ פּאָליטיקער און אַ פולשטענדיקער איגנאָראַנט אין עקאָנאָ־מישע פּראָבלעמען. ער האָט ניט פאַרשטאַנען, אָדער ניט געוואָלט פאַרשטיין, אַז ניט די אַמעריקאַנער רעגירונג באַהערשט דעם אַמע־ריקאַנער קאַפּיטאַליזם, נאָר פאַרקערט, דער קאַפּיטאַליזם באַהערשט די אַמעריקאַנער רעגירונג. אויב פידעל קאַסטראָ האָט אין רעזערוו נאָך אַ פּאָר רעוואָלווערן, דאַרף ער זיי צושיקן זיינע אינטימע פריינד אין מאָסקווע, וווּ עס חזרט זיך איבער די אייגענע געשיכטע ווי אין טשילי, אָבער אין אַ קאָלאָסאַלן פאַרנעם, הונדערט מאָל גרעסער ווי אין טשילי. מען באַשולדיקט ברעזשניעוון אין מאָסקווע אין פאַר־ראַט, ווייל ער זוכט קרעדיטן און אינוועסטיציעס אין אַמעריקע. אָבער ברעזשניעוו ווייסט בעסער ווי ווער עס איז אַן אַנדערער אין וואָס פאַר אַ צושטאַנד די רוסישע עקאָנאָמיע געפינט זיך.

מען מוז זיך דערמאָנען אין דעם אַלטן קאָנפליקט צווישן קאַרל מאַרקס, וואָס האָט געפּרעדיקט „דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט", און באַקונין, דעם אַנאַרכיסט, וואָס האָט געקעמפט אויף באַריקאַדן, וועלכער האָט געטענהט, אַז יעדע דיקטאַטור, אויך די „דיקטאַטור פון פּלאָלעטאַריאַט" וועט פירן צו אַ פאַרקנעכטונג פונעם פאָלק. דער רוסישער באָלשעוויזם, לעניניזם און סטאַליניזם האָבן באַוויזן קלאָר,

אַז באַקונינס נסיון און קענטעניש פון די מאַסן־באַוועגונגען זענען געווען ריכטיק.

די רייד פון פּאָמפּידו וועגן ׳אוניווערסאַלער האַרמאָניע״ קלינגען שיין ביי אַ באַנקעט, בשעת אַ פּאָליטישער און דיפּלאָמאַטישער טוריסטן־רייזע, אָבער מען קאָן ניט דערוואַרטן קיין גרויסע האַרמאָניע בשעת מען גייט אַליין אָן מיט אַטאָמישע עקספּערימענטן אין די פּאַציפיק־וואַסערן ניט נעמענדיק אין אַכט שטורמישע פּראָטעסטן פון אַ האַלבער וועלט.

די רייזע פון פּאָמפּידו קיין כינע האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ גרויס סענסאַציאָנעל געשעעניש, ניט אַ דאַנק פּאָמפּידוס אינטערעסאַנטע, אָבער זייער פאָרזיכטיקע רעדעס. מען האָט געזען אויף זיין פּנים דאָס באַוואונדערן די אויסערגעוויינטלעכע דעמאָנסטראַציע פון דער כינעזישער גאַסט־פריינדלעכקייט, אַזוי גוט אָרגאַניזירט און אַזוי גוט אָרקעסטרירט. מען האָט אפילו קליינע קינדער צוזאָמענגעבראַכט, כדי זיי זאָלן זיך פרייען אָנקוקנדיק דעם פראַנצייזישן גאַסט. טשו ען ליי גופא האָט געמוזט דערקלערן, אַז צוליב דעם פראַנצייזישן גאַסט האָט ער צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן געזען און באַוואונדערט געוויסע טיילן פון כינע און זיך באַקענט מיט טויזנטיאָריקע קונסט־אוצרות פון זיין לאַנד. דאָס איז דאָך ניט קיין קלייניקייט, פראַנצייזיש־כינעזישע פריינדשאַפט איז געזיכערט. די פראַגע איז נאָר, צי די פריינדשאַפט וועט פירן צו אַן „אוניווערסאַלער האַרמאָניע״.

(„לעצטע נייעס״, דעם 2־טן אָקטאָבער 1973)

# כינע — די גרויסמאַכט

ווען טשו ען ליי, דער פּרעמיער־מיניסטער פון כינע, האָט מיט אַ געוויסער צייט צוריק אויפגענומען אַ דייטשע דעלעגאַציע האָט ער צו זיי געזאָגט, אַז ער האָט אין זיינע יונגע יאָרן שטודירט אין דייטשלאַנד, אין דעם אַלטן אוניווערסיטעט פון קעניגסבערג, ווו קאַנט, דער גרויסער דייטשער פילאָסאָף, האָט אַ מאָל געהאַלטן זיינע באַרימטע לעקציעס. דערביי האָט ער באַמערקט, אַז ער קען נאָר דעם נאָמען קעניגסבערג און ניט דעם נאָמען קאַלינינגראַד, ווי די סאָוויעט־רעגירונג האָט אָנגערופן די שטאָט, וואָס זי האָט פאַר־כאַפּט.

די כינעזישע רעגירונג האָט דערמיט געוואָלט באַווייזן, אַז זי האַלט סאָוויעט־רוסלאַנד פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַלץ וואָס דער קאָ־מוניסטישער רעזשים האָט אָפּגעטאָן. די אינוואַזיע אין טשעכאָסלאָ־וואַקיע און מאָנגאָליע זענען אַקטן פון קאָלאָניאַליזם און אימפּעריאַ־ליזם פאַר די לעצטע יאָרן. כינע באַנוצט יעדע געלעגנהייט כדי אָנ־צוזאָגן דער וועלט, אַז די מלחמה מיט דעם רעאַקציאָנערן רוסישן רעזשים, איז אומפאַרמיידלעך, ווייל דער רעזשים איז אַ סכנה פאַר אַלע לענדער. עס איז ניט קיין וווּנדער דעריבער, אַז דער באַזוך פון פּאָמפּידו, דעם פּרעזידענט פון פראַנקרייך, איז אויסגענוצט געוואָרן פאַר דער כינעזישער פּראָפּאַגאַנדע, אפילו אויב עס איז דאָ צו פיל בלאָפעריי אין דער פראַנצייזישער פּראָפּאַגאַנדע פאַר ראַטעווען פראַנקרייכס „אומאָפּהענגיקייט". ווער וויל באַפאַלן פראַנק־רייך און מאַכן זי פאַר אַ קרבן פון אַ פרעמדער מאַכט ? וואָס פאַר

אַ ראָל, אַ פּאָליטישע אָדער מיליטערישע, קאָן פראַנקרייך שפּילן אין אַ גרויסן אינטערנאַציאָנאַלן קאָנפליקט? דער פראַנצייזישער וויזיט אין פּעקין איז אינטערעסאַנט נאָר דערמיט, וואָס ער האָט געגעבן כינע אַ געלעגנהייט נאָך אַ מאָל צו רעדן וועגן דער רוסי־שער געפאַר און דעמאָנסטרירן איר גרייטקייט צום גרויסן קאַמף.

מיר רעדן וועגן דעם „גרויסן קאַמף", ווייל דער נאַציאָנאַלער פּרעסטיזש פון דעם לאַנד מיט כמעט אַכט הונדערט מיליאָן באַ־פעלקערונג איז אויפגעוועקט און מאָביליזירט. עס מאַכט ניט אויס, וואָס רוסלאַנד איז ניט אָנגערופן ביים נאָמען און וואָס פראַנקרייך ווערט אָפיציעל אַ שותף צו דער אונטערנעמונג. דאָס וויכטיקסטע איז דאָס וואָקסן פון דער אומרו אין פּעקין און די פּערמאַנענטע קאָנפליקטן אויף דער רוסיש־כינעזישער גרענעץ. די רעגירונג פון רוסיש־אָקופּירטן טייל פון מאָנגאָליע האָט זיך איצט עפנטלעך באַקלאָגט, אַז כינעזיש מיליטער איז אַריינגעדרונגען טיף אין לאַנד, דאָס הייסט, אַז כינעזיש־מאָנגאָליע איז גרייט צו אָקופּירן רוסיש־מאָנגאָליע, וואָס קיינער וועט ניט קאָנען באַטראַכטן אַלס כינעזישע אַגרעסיע קעגן סאָוויעט־רוסלאַנד. אייגנטלעך איז דאָס דער אָנהייב פון אַ מלחמה און דערמיט דערקלערט זיך די פאַרשטאַרקטע כי־נעזישע פּראָפּאַגאַנדע, אַן אָפענע קאַמפּאַניע קעגן סאָוויעט־רוסלאַנד.

די פראַגע איז איצט געריכטעט צו דער גאַנצער וועלט, די פראַגע איז, צי מען וויל לאָזן ווייטער טאָלערירן די עקסיסטענץ פון דעם סאָוויעטן־רעזשים.

מיר דאַרפן ניט רעדן אַ סך וועגן דעם וואָס פאַר אַן אומגליק אַ נייע רוסישע מלחמה קאָן ווערן פאַר די דריי אָדער מער מיליאָנען רוסישע יידן. מיר דאַרפן זיין גרייט צו אַלע עווענטואַליטעטן, גע־דענקענדיק דאָס, וואָס איז געשען דאָרט בשעת די צוויי וועלט־מלחמות און בשעת דעם רוסישן בירגער־קריג. מיר געדענקען גוט וואָס מיינט פּאַניק אין צענטער פון דער סאָוויעטישער רעגירונג, וועלכע פאַרלירט דעם קאָפּ אין פאַל פון אַ מלחמה. די כינעזישע רעגירונג האָט פּייערלעך דערקלערט, פּשוט געשוווירן, אַז אונטער קיין שום אומשטענדן וועט כינע ניט זיין די, וואָס וועט געבן דעם

ערשטן שאָס. אין דער אייגענער צייט ווערן פאַרשפּרייט קלאַנגען, וואָס קאָנען דערגרייכן מאָסקווע. די קלאַנגען זענען זיכער געוומען פון דער אַמוניציע, וואָס געפינט זיך אין דעם פּראָפּאַגאַנדע־אַרסע־נאַל. די סודות פון די כינעזישע צוגרייטונגען בלייבן דערווייל סודות פאַר דער גרויסער וועלט, אָבער זיכער ניט פאַר דעם קרעמל. דאָ ווייסט מען, אַז די צייט אַרבעט פאַר כינע...

די רייזע פון קיסינגער קיין פּעקין, וואָס האָט געזאָלט זיין מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק איז אָפּגעלייגט געוואָרן און ווערט איצט אין גאַנצן פאַרשוויגן. ניט די כינעזער און ניט די אייראָפּעאישע עפנט־לעכקייט האָבן ניט קיין גרויסן צוטרוי צום פּרעזידענט ניקסאָנס כלומרשטן „טאָפּל־שפּיל״, דאָס הייסט, גלייכצייטיק צו זיין פריינד מיט כינע און מיט סאָוויעט־רוסלאַנד, וועלכע זענען ערב אַן ערנסטן קאָנפליקט. פּעקין פאַרלאָזט זיך ניט אויף דער קאַמפּאַניע פון דער אַמעריקאַנער עפנטלעכער מיינונג קעגן סאָוויעטישן רעזשים. דער פּראָבלעם פון יידישער אויסוואַנדערונג שפּילט מער ניט די וויכטיקע ראָל, הגם די כינעזער דערמאָנען דעם האַנדל צווישן ניקסאָן און ברעזשניעוו לטובת די יידן, וואָס זיי רופן אָן „די ישראלדיקע אַגרעסיע״.

עס איז געוואָרן אַ מין „פּיליגרימאַזש״, דאָס פאָרן פון די פאַר־שידענע דעלעגאַציעס קיין פּעקין, אַזוי ווי כינע וואָלט ניט געווען קיין לאַנד מיט אַ פינף טויזנט־יאָריקער קולטור נאָר אַ ניי־געבוי־רענע גרויסמאַכט. גאַנץ צופעליק האָט דער שרייבער פון די שורות געטראָפן אין קאַנאַדע דעם ניט לאַנג צוריק פאַרשטאָרבענעם „יידיש־כינעזישן גענעראַל״ קאָהען, וועלכער איז אין פאַרלויף פון אַ סך יאָרן געווען דער אינטימסטער פריינד און ראַטגעבער פון דעם באַ־רימטן כינעזישן פילאָסאָף סון יאַט־סען (1866 — 1925). קאָהען איז גאָר ניט געווען קיין מיליטערמאַן, אויך ניט קיין ציווילער אַקאַדע־מיקער, פּשוט אַ רואיקער און קלוגער מאַן. סון־יאַט־סען האָט אים צופעליק געטראָפן אין עדמאָנטאָן, אַ גרויסע שטאָט אין מערב־קאַנאַדע און נאָך אַ שמועס איינגעלאַדן אים צו פאָרן קיין כינע אַלס זיינער אַ פריינד, ווען דער אַלטער רעזשים אין כינע איז

איינגעפּאַלן און סון־יאַט־סען איז געוואָרן דער פירער פון דער רעוואָלוציע און פון דער נייער כינע איז דער ייד געוואָרן אַ „גענעראַל״, די רעכטע האַנט פון דעם פירער. ווען דער ייד איז געקומען צוריק קיין קאַנאַדע, האָב איך אים געטראָפן אין מאָנטרעאָל און אין דער אייגענער צייט אַ ריי פון כינעזער פונעם נייעם רעזשים. עס איז אַ נייע וועלט. איך דערמאָן דאָ דעם כינעזיש־יידישן גענעראַל כדי צו זאָגן, אַז קיסינגער, דער נייער סטייט־סעקרעטאַר אין וואַשינגטאָן, איז ניט דער ערשטער ייד אין אַ וויכטיקער שטעלונג וועלכן די פירערס פון דער נייער כינע האָבן געטראָפן. דער נאָמען פון סון־יאַט־סען איז אַ הייליקער נאָמען אין דעם נייעם כינעזישן רעזשים און אויב פּעקין רעדט וועגן „איזראַעל־אַגרעסיע״ איז עס ניט צוליב אַנטיסעמיטיזם, נאָר צוליב דער שנאה צו רוסלאַנד.

דער אינטערעס פון כינע צו דער היינטיקער אַראַבישער קולטור און קולטורעלער „רעוואָלוציע״ קאָן ניט זיין אַ סך גרעסער ווי נול, אָבער ווען מען גרייט זיך צו אַ מלחמה אויף טויט און לעבן זענען אַלע מיטלען גוט צו באַנוצן זיך מיט זיי, אָנהייבנדיק מיט פּינג־פּאָנג און ברויכנדיק דערביי אפילו „איזראַעלישע אַגרעסיע״. די כינעזישע פּראָפּאַגאַנדע פאַרזוכט צו איבערטאַנצן די סאָוויעטישע פּראָפּאַגאַנדע אפילו אין די פינצטערע לעכער פון צענטראַל־אַפריקע, ווו עס הערשט אַ פּערמאַנענטע אויסראָטונגס־מלחמה פון שוואַרצע קעגן שוואַרצע. עס איז זייער צווייפלהאַפט צי פּעקין דערוואַרט פּאָזיטיווע רעזולטאַטן פון געוויסע כינעזישע אַוואַנטורעס אין אַפריקע חוץ איין סך־הכל: אונטערגראָבן דאָרט דעם רוסישן איינפלוס און די רוסישע אַוואַנטורעס. פאַר דעם יידנטום איז וויכטיק ניט צו מישן זיך אין דער קאָנקורענץ צווישן די צוויי גרויסמאַכטן...

(„לעצטע נייעס״, דעם 25־טן אָקטאָבער 1973)

# נאַצי־קאָמוניזם, מזרח־דייטשלאַנד און דער קרעמל

מיין דיפּלאָמאַטישער מיטשמועסער זאָגט מיר ווידער און ווי־דער:

— צי עס וועט אויסברעכן אַ גרויסע מלחמה צווישן קאָמו־ניסטישן כינע און סאָוויעט־רוסלאַנד אין דער נאָענטער צוקונפט איז אַ גרויסע פראַגע, ווייל רוסלאַנד ווייסט גענוי, אַז אונטער די היינטיקע אומשטענדן וועט אַ מפּלה פון דער רוסישער אַרמיי פירן צו אַ פולשטענדיקן חורבן און צוזאַמענברוך פון דער רוסישער אימ־פּעריע. פון דער קאָלאָסאַלער גרויסמאַכט וועט דעמאָלט פאַרבלייבן דאָס וואָס איז פאַרבליבן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה פון דער עסטרייך־אונגאַרישער טאָפּל־מאָנאַרכיע. רוסלאַנד, בין איך איבער־צייגט, וועט ניט ריזיקירן. מאָסקווע ווייסט, אַז אין פאַל פון אַ רוסיש־כינעזישער מלחמה וועלן אַמעריקאַנער עראָפּלאַנען מיט אַמוניציע ניט פליען איבער דעם לאַבראַדאָר און גרענלאַנד ווי דאָס איז געווען בשעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, כדי צו שטיצן דעם רוסישן פראָנט אינעם קאַמף קעגן היטלערס אַרמיי.

פרעג איך: וואָס זשע איז היינט דער צענטראַלער פּראָבלעם אין אייראָפּע? זיין ענטפער האָט מיך ניט איבערראַשט.

— דער צענטראַלער פּראָבלעם איז געווען סאָוויעט־רוסלאַנד און איז איצט פאַרשאַרפט געוואָרן אַ דאַנק ווילי בראַנדטס „אָסט־פּאָליטיק”... טעאָרעטיש איז דאָס אַ ריכטיקע פּאָליטיק אויסצו־מיידן אַ נייע מלחמה, אַ נייע שרפה, וואָס וואָלט פאַרניכטעט ווידער

האַלב אייראָפּע. אָבער ווילי בראַנדט האָט איבערגעכאַפּט די מאָס און מזרח־דייטשלאַנד האָט ניט געוואָרט כדי צו באַווייזן, אַז די מויער פאַרבלייבט, די מויער צווישן די צוויי דייטשלאַנדס, דאָרט ווו זי איז געשטאַנען פריער, אַז דער אַראַבישער טעראָר קעגן יידן איז אויף יענער זייט פון דער מויער אַ געוואונטשטער גאַסט. דאָס געשפּענסט פון אולבריכט באַהערשט און, ווי עס ווייזט אויס, וועט נאָך לאַנג באַהערשן די כוחות פון דער רעגירנדיקער קליקע אין מזרח־דייטשלאַנד.

דייטשלאַנד האָט פאַרלוירן מזרח־פּרייסן, וואָס איז געווען אַ נעסט פון אַ שוואַרצער, פינצטערער רעאַקציע, אַ סכנה פאַר אייראָפּע. אָבער דאָס היינטיקע מזרח־דייטשלאַנד איז אַ מיאוסערע באַשעפעניש ווי דאָס אַמאָליקע ווילהעלמינישע מזרח־דייטשלאַנד, און דערצו איז עס אַן אויסגעשפּראָכן ווערקצייג אין די הענט פונעם רוסישן אימפּעריאַליזם. פּרייסן האָט געהאַלטן אין מאָביליזירן זיך צו דעם מאַרש „נאָך דעם אָסטען״, דאָס היינטיקע מזרח־דייטשלאַנד איז דער אָנהייב פון דעם רוסישן מאַרש „נאָך דעם וועסטען״... קאָן מען דאָ עס ניט זען?...

איך דערצייל מיין פרעמדן מיטשמועסער, אַז איך האָב מיט אַ סך יאָרן צוריק שטודירט אַגראָנאָמיע אין בערלין אין אַ לאַנדווירטשאַפטלעכער הויכשול, וואָס איז געווען אַן אמתע פעסטונג פון דעם פּרייסישן יונקערטום און איז געווען פול מיט די יונגע „בורשן״ פון די „גרויסגרונטבאַזיצער״ אין מזרח־פּרייסן; די עטלעכע צענדלינג יידישע סטודענטן, ס׳רוב פון רוסלאַנד, האָבן געהאַט געענוג אויסצושטיין פון די „בורשן״, אָבער אין פאַרגלייך מיט דעם היינטיקן אַנטיסעמיטישן כוליגאַניזם אין דעם קאָמוניסטישן מזרח־דייטשלאַנד איז דאָס געווען אַ קינדער־שפּיל.

סאָוויעט־רוסלאַנד האָט אויסגעפירט און מזרח־דייטשלאַנד איז אַריינגעקומען אין דער אָנ״ו אַלס גלייך־באַרעכטיקטער מיטגליד צוזאַמען מיט מערב־דייטשלאַנד. די סקאַנדאַלן אויף דער גרענעץ צווישן די צוויי דייטשלאַנדס גייען אָן ווי פריער. די קליקע אין פּאַנקאָוו וויל באַווייזן דער וועלט, אַז מזרח־דייטשלאַנד איז אַ סו־

ווערענע מלוכה און האָט דאָס רעכט צו טאָן וואָס זי וויל, דאָס הייסט, איבערדרייען דאָס ראָד פון דער געשיכטע אויף פופציק אָדער זיבעציק יאָר צוריק.

מען דאַרף ניט פאַרגעסן די געשיכטע פון דייטשן נאַציזם. היטלער איז געווען אַן עסטרייכישער בראָדיאַגע און איז געקומען אויפן גרייטן, דאָס הייסט, ווען די דייטשע רעאַקציע האָט זיך צעשפּילט. איידער היטלער איז געקומען צו דער מאַכט זענען די צוויי יידן אויף הויכע פּאָסטנס, דער אויסערן־מיניסטער ראַטענאַו און דער פּרעמיער־מיניסטער פון בייערן דערשאָסן געוואָרן פון דער נאַציסטישער אונטערוועלט. עס זענען דערשאָסן געוואָרן צו־זאַמען מיט אַנדערע ערצבערגער, דער פירער פון דער קאַטוילי־שער צענטער־פּאַרטיי אין רייכסטאַג, וועלכער איז געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דער אַרמיסטיס־דעלעגאַציע, ווען מאַרשאַל פאָש האָט איבערגעגעבן די באַדינגונגען פאַר דעם שלום נאָך דער מפּלה פון הינדענבורג און לודענדאָרף, דעם אמתן אידעאָלאָג פון נאַציזם. פּרייסן, ווי געזאָגט, איז געווען די הויפּט־נעסט פון דייטשן אימפּעריאַליזם און פולשטענדיקער רעאַקציע. באַטראַכט מען היינט די לאַגע אין קאָמוניסטישן מזרח־דייטשלאַנד זעט מען, אַז מען האָט ווידער צו טאָן מיט די „אַלטע גוטע צייטן"...

מען קאָן ניט צווייפלען, אַז ווילי בראַנדט האָט די בעסטע כוונות און גלייבט, אַז מיט קאָמפּראָמיסן און מיט אַדורך און אַדורך שלום־פּאָליטיק קאָן מען ברעכן די פּראָוואָקאַציעס פונעם קרעמל און זיינע מיטלויפערס אין מזרח־דייטשלאַנד. עס איז אָבער אַ פאַקט, אַז גראָד נאָך דער ווימאַרער רעפּובליק מיט סאָציאַליסטן אין דער שפּיץ האָט געקאָנט קומען אַ נאַצי־רעזשים אין דייטש־לאַנד און מיטרייסן דאָס דייטשע פאָלק.

עס איז ביי אונדז אויסגעוואַקסן אַ ספּעציעלע ליטעראַטור — „חורבן־ליטעראַטור", אָבער ביי אונדז איז נאָך ניטאָ די געשיכטע פון דעם דייטשן אימפּעריאַליזם און אַנטיסעמיטיזם וואָס האָבן חרוב געמאַכט גאַנץ אייראָפּע און אומגעבראַכט מיליאָנען יידן. ניט דער פאַרשטאָרבענער אַדענאַוער און ניט דער היינט אַזוי אַקטיווער

ווילי בראַנדט האָבן געקאָנט דערוואַרטן, אַז זיי וועלן ענדערן דעם היינטיקן דור פון זייער פאָלק וואָס האָט זיך געבוקט פאַר אַדאָלף היטלער און צוזאַמען מיט דעם משוגענעם געזונגען „דויטשלאַנד, דויטשלאַנד איבער אַלעס!"...

דאָס אַריינגלידערן פון מזרח־דייטשלאַנד, די אַגענטור פון סאָוויעט־רוסלאַנד, אין דער אָנ"ו איז אַ געוואַלדיקער פעלער מיט פאַטאַלע קאָנסעקווענצן. די סכנה איז אפשר אויף אַזוי פיל קלענער אויף וויפיל די אָנ"ו אַליין האָט איצט אַזוי גוט ווי גאָר ניט קיין פּאָליטישן ווערט, פון דעסטוועגן...

אין 1914 איז דאָס דייטשע פאָלק געווען אין דער אייגענער שטימונג, אויב ניט מער מיליטאַנטיש, ווי אין 1871 נאָך דעם נצחון אין דער פראַנצייזיש־פּרייסישער מלחמה (1870—1871) און נאָך דער גרינדונג אין ווערסאַל פון דער דייטשער אימפּעריע. די דאָזיקע אימפּעריע איז געווען גרייט עטלעכע יאָר שפּעטער ווידער צו וואַרפן זיך אויף פראַנקרייך און איז געצוווּנגען געווען אָפּצו־זאָגן זיך פון די רויבערישע פּלענער נאָר אונטער דעם דרוק פון אַן אייראָפּעאישער קאָאַליציע.

דורות און דורות דאַרפן קומען און גיין אידער אַ פאָלק מיט רויבערישע אינסטינקטן קאָן זיך ענדערן...

(„לעצטע נייעס", דעם 2־טן נאָוועמבער 1973)

## פאָרן אָדער נישט פאָרן?

ענלעך צום קאָנפליקט צווישן סאַדאַט און קאַדאַפי, איז איצט אויסגעבראָכן אַ קאָנפליקט צווישן צוויי אַנדערע גוטע פריינד: פראַנקרייך און מאָסקווע. עס איז ניט אַזוי ווייט געקומען, אַז פראַנקרייך זאָל שליסן איר אַמבאַסאַדע אין מאָסקווע, אַזוי ווי קאַדאַפי האָט עס געטון מיט זיין אַמבאַסאַדע אין קאַירא, אָבער עס איז אַן ערנסטער קאָנפליקט. די קלאַנגען וועגן דעם, אַז דער פרעזידענט פון פראַנקרייך וועט אפשר ניט פאָרן קיין מאָסקווע אין חודש יאַנואַר, זענען פאַבריצירט געוואָרן אין פאַריז און די פרעסע אין מאָסקווע האָט דערקלערט, אַז „ניט געזען און ניט געהערט״ אַזאַ נייעס. עס מוז זיין אַ ליגן...

די קלאַנגען זענען געבויט (אין פאַריז) אויף דעם, אַז מאָסקווע פירט ווייטער אַן די פאַרהאַנדלונגען מיט אַמעריקע וועגן דער עגיפּטיש־סירישער מלחמה מיט מדינת ישראל, איגנאָרירנדיק פולשטענדיק אַנדערע לענדער, צווישן זיי אויך פראַנקרייך. פאַריז וויל ניט וויסן פון דעם, אַז פראַנקרייך איז אַ צד אין דעם קריג צווישן די אַראַבער און די יידן. פראַנקרייך האָט אָפיציעל באַקומען דעם דאַנק פון די אַראַבער און קאָן געניסן פון דעם אַראַבישן פעטראָל וויפיל זי וויל, אָבער קיין פאַרמיטלער קאָן דאָך פאַריז ניט זיין אונטער אַזעלכע אומשטענדן. פּאָמפּידו האָט אפילו גערופן אַ ספּעציעלע קאָנפערענץ קיין קאָפּענהאַגען, אָבער קיין מענטש נעמט ניט ערנסט די קאָנפערענץ, מסתמא אויך ניט די פראַנצויזן.

אינעם עליזיי־פּאַלאַץ אין פאַריז, אין פראַנקרייך, איז מען

ניט איבערצייגט, אַז פאַר דעם לאַנד שטייט די טראַגישע האַמלעט־פראַגע: „טו בי אָר נאָט טו בי״, דאָס הייסט, אַראָפּשלינגען דעם רוסישן פּאַטש אין פּנים און פאַרבלייבן ברעזשניעווס גוטער פריינד אָדער אָפּזאָגן זיך שפּילן די ראָלע פון באַליידיקטער אומשולד און פאַרלאָזן דאָס הויז. עס איז ניט אויסגעשלאָסן, אַז פּאָמפּידו וועט נאָכגעבן דער עפנטלעכער מיינונג פון פראַנקרייך און וועט זיך באַדאַנקען פאַר דער פּעטראָל־מתנה. דער נייער פראַנצייזישער אויסערן־מיניסטער זשאָבער, וועלכער זאָגט און טוט נאָר דאָס וואָס מען הייסט אים זאָגן און טאָן, איז לויט זיכערע אינפאָרמאַציעס ניט זייער גליקלעך צו דינען די אינטערעסן פון רוסלאַנד קעגן די אינטערעסן פון פראַנקרייך.

סיי ענגלאַנד און סיי מערב־דייטשלאַנד פּרוּוון מיט אַלע מיטלען צו ראַטעווען פראַנקרייך פון אַ לאַגע וואָס מען רופט אויף ענגליש „ספּלענדער איזאָליישאָן״, דאָס הייסט, „גרויסאַרטיקע איינזאַמקייט״. פאַקטיש האָט פּאָמפּידו מיט גרויס דערפאָלג פאַרענדיקט דעם פּראָצעס וואָס דע גאָל האָט אָנגעהויבן. פאַקטיש איז פראַנקרייך שוין איזאָלירט פולשטענדיק. אַ מיטאָג מיט היט, דעם ענגלישן פּרעמיער־מיניסטער, און באַלד אויף מאָרגן אַ מיטאָג מיט ווילי בראַנדט, דעם רייכס־קאַנצלער פון מערב־דייטשלאַנד, קאָנען ניט ענדערן די לאַגע. דאָס פאָרן קיין באָן און דאָס פאָרן קיין לאָנדאָן, אימפּאָנירט זייער ווייניק די הערשאַפטן אין קרעמל, וועלכע האָבן זייער אייגענעם „סערוויס״ און זייערע אייגענע אַגענטורן. און דעם „ווייסן הויז״ אין וואַשינגטאָן אימפּאָנירן אוודאי די באַזוכן פון פּאָמפּידו אַ סך ווייניקער ווי די באַזוכן פון די געהויבענע אַראַבישע געסט אין עליזיי־פּאַלאַץ. בכלל מוז מען צום הונדערטסטן מאָל זאָגן, אַז פּאָליטישע רעאַליטעטן ווערן ווייניקער באַווירקט פון פאַנטאַזיעס און ספּעקטאַקולערע ספּעציעל־אינסצעניזירטע בלאָפערייען. דער מאָסקווער קרעמל האָט ניט נאָר זיין אייגענע פּאָליטיק, נאָר אויך זיין אייגענע טעכניק און אייגענע מעטאָדן פון פּאָליטישער אַרבעט און פאַר פראַנקרייך, ווי פאַר אַלע אַנדערע לענדער איז עס קלאָר, אַז סאָוויעט־רוסלאַנד האָט נאָך ניט אויפגעגעבן די גרויסע

פלענער פון קאָאָפּעראַציע מיט אַמעריקע אויף דעם געביט פון אינדוסטריאַליזאַציע. די פּלענער פאַרלאַנגען ניט נאָר ריזיקע פי־נאַנציעלע אינוועסטירונגען, נאָר אויך — ריכטיקער געזאָגט: הויפּטזאַכלעך! — פּאָליטישע זיכערקייט אין אַזיע, מיט אַנדערע ווערטער געזאָגט: פּאָליטישע פאַרשטענדיקונג מיט כינע.

ברעזשניעווס רייזע קיין אינדיע און דאָס אונטערשרייבן פאַר־שידענע אָפּמאַכן צווישן רוסלאַנד און אינדיע באַווייזט, אַז דער קרעמל גלייבט נאָך אַלץ, אַז מיט דער הילף פון אַמעריקע וועט דאָך מעגלעך זיין איינברעכן די עקשנות פון דעם כינעזישן פּאַ־טריאַטיזם.

די פייערלעכע דערקלערונג פון ברעזשניעוון וועגן דער נויט־ווענדיקייט פון אַן אַלגעמיינער רעגולירונג פון דעם גאַנצן פּאָלי־טישן פּראָבלעם פון אַזיע באַווייזט, אַז אין מאָסקווע גיט מען זיך אָפּ אַ דין וחשבון וועגן אַלע מעגלעכע קאָמפּליקאַציעס. דאָס מיינט ניט נאָר די באַציאונג צווישן רוסלאַנד, כינע און יאַפּאַן, נאָר אויך אינדיע, פּאַקיסטאַן, אינדאָכינע, מאָנגאָליע, טיבעט א .א. וו. צו די אַלע פּראָבלעמען קאָן פראַנקרייך ניט האָבן קיין שום שייכות, וויפיל די היינטיקע פראַנצייזישע רעגירונג זאָל ניט איבערחזרן, אַז „מיר זענען אויך דאָ"...

דער פאַקט, אַז די פאַראייניקטע שטאַטן שפּילן די הויפּט־ראָל אין די אַלע פאַרהאַנדלונגען צוזאַמען מיט דער סאָוויעט־רעגירונג און האָבן ניט קיין אינטערעס צו טיילן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט מיט פּאָמפּידו און זיין רעגירונג, איז גענוג אויף צו צווייפלען אין דער וויכטיקייט פון פּאָמפּידוס רייזע קיין מאָסקווע. עס איז נאָך ניט קלאָר, צי די שלום־פאַרהאַנדלונגען אין זשענעווע וועלן זיך טאָקע אָנהייבן דעם 17־טן אָדער 18־טן דעצעמבער. דער אַראַבי־שער בלאָק האָט דערקלערט אַן אמתע מלחמה די אייראָפּעאישע לענדער און אַמעריקע. דער פּעטראָל־באָיקאָט האָט געשאַפן אַ קריטישע לאַגע אַ סך פריער ווי מען האָט געמיינט און די קאָנ־

סעקווענצן פון דעם נייעם קריזיס זענען ערנסטער, ווי מען האָט גערעכנט. פרעגט מען זיך: וועט פּאָמפּידו באמת פאָרן באַלד קיין מאָסקווע און אויב יאָ, טאָ צוליב וואָס און צוליב וועמען?...

(„לעצטע נייעס", דעם 13־טן דעצעמבער 1973)

# אַמעריקע קאָנטראַ איראָפּע

מען האָט די לעצטע צייט אַזוי פיל גערעדט און געפּלוידערט וועגן אַ געאייניקטער איראָפּע ווי אַ קעגנגעוויכט צו די מעכטיקע פאַראייניקטע שטאַטן, אַז צו לעצט האָט מען פאַרלוירן יעדער אינ־טערעס פאַר דעם פּראָבלעם. די גאַנצע דיסקוסיע האָט שוין דערפאַר קיינעם ניט אינטערעסירט, ווייל די גרעסערע איראָפּעאישע מלו־כות, ווי, למשל, פראַנקרייך, ענגלאַנד, מערב־דייטשלאַנד, האָבן פאַרשידענע אייגענע אינטערעסן, אייגענע אינטריגעס און קאָנ־פליקטן. אָבער מען איז אָנגעגאַנגען מיט קאָנפערענצן און מיט מער אָדער ווייניקער כלומרשט סענטימענטאַלע שמועסן.

פּלוצלינג האָט זיך אַלץ געענדערט און צוליב דער אַראַביש־ישראלדיקער מלחמה איז דער פּראָבלעם געוואָרן אַ קאָנקרעטע און אַקטועלע רעאַליטעט. די רעגירונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן האָט מיט אַ מאָל „אַנטדעקט״, אַז אירע איראָפּעאישע פאַרבינדעטע און פריינד זענען גרייט צו מעלקן די ‚אַמעריקאַנער קו״, אָבער די מערסטע און גרעסטע פון זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו העלפן אַמעריקע אין דער רעטונגס־אַקציע פאַר מדינת ישראל, ווען זי איז באַפאַלן געוואָרן פון עגיפּטן און סיריע. מער ווי דאָס, זיי האָבן פאַרווערט אַמעריקאַנער מיליטערישע עראָפּלאַנען צו באַנוצן דעם לופט־וועג אין זייערע לענדער... מיט אַ מאָל האָט אַמעריקע דערזען פאַר זיך אַ געאייניקטע אַנטי־אַמעריקאַנער איראָפּע. דאָס וואָס איז שוין לאַנג געווען קלאָר פאַר דער גאַנצער וועלט, איז איצט געוואָרן קלאָר פאַר וואַשינגטאָן. און די אַמעריקאַנער רעגירונג האָט ניט

געשוויגן, נאָר איז אַרויס מיט אָפענע דיבורים. עס איז פאַר אַמע־ריקע אַן אָפענע פראַגע:

— צו וואָס זאָל מען האַלטן אין איראָפּע אַן אַמעריקאַנער אַרמיי פון עטלעכע הונדערט טויזנט סאָלדאַטן? — צו וואָס זאָל מען אויסגעבן יאָר־איין יאָר־אויס מיליאַרדן אַמעריקאַנער דאָלאַרן?

— צו וואָס זאָל מען שטיצן אַלערליי איראָפּעאישע סאָציאַלע באַוועגונגען, ווען דער סך־הכל פון אַזאַ מין פילאַנטראָפּיע, איז אַן אָפענע „נייטראַליטעט" לגבי אַמעריקע אין אַ צייט פון אַ קריזיס?

איראָפּעאישע פּאָליטיקערס און פּראָפעסיאָנעלע אינטריגאַנטן האָבן איצט אָנגעהויבן אַ קאַמפּאַניע מיט קעגן־טענות און פרע־טענזיעס: וואָס מיינט אַמעריקע מיט אירע פאָרוווּרפן? וויל אַמע־ריקע קאָמאַנדעווען? געבן באַפעלן?

דער ענין איז זייער ערנסט. איראָפּע האָט זיך געאייניקט אויף דעם יסוד פון אַנטי־אַמעריקאַניזם און עס איז גאַנץ קלאָר, אַז דער־וויַיל וועט אַמעריקע פריער פון אַלץ שליסן די קאַסע פאַר די ניט־געבעטענע פריינד...

אין דער „נאַטאָ" האַלט עס באמת ביים ברעכן די גאַנצע אָר־גאַניזאַציע. אויב דאָס זאָל געשען, וועט עס זיין פאַר איראָפּע אַ גרויסע קאַטאַסטראָפע. די געווינערס וועלן זיין נאָר די פּראָוואָקאַ־טאָרן, וואָס זיצן אין קרעמל. די טענה פון „נאַטאָ" צו אַמעריקע איז, פאַר וואָס האָט די אַמעריקאַנער רעגירונג דערקלערט אַ האַלבן קריגס־צושטאַנד פון איר אַרמיי אָן באַראַטן זיך פריער מיט דער „נאַטאָ". איצט ווייסט מען, אַז מיר האָבן געהאַלטן ביי אַ גרויסער מלחמה. עס איז באַקאַנט געוואָרן, אַז רוסלאַנד האָט געהאַט מאָבי־ליזירט פערציק טויזנט פאַראַשוטיסטן און זיך געגרייט צו פאַר־ניכטן די יידישע מלוכה. פון איוואַן איוואַנאָוויטשן קאָן מען אַלץ דערוואַרטן און די אַמעריקאַנער רעגירונג האָט געמוזט האַנדלען תיכף ומיד. עס איז געווען אַ סכנה און עס איז ניט געווען קיין מעג־לעכקייט אָנצוהייבן אַ דעבאַטע.

ווי עס זאָל ניט זיין, איז מען היינט אין אַ זייער געשפּאַנטער

לאַגע. צי מען רופט עס אָן מיטן וואָרט „קאָנפליקט״ אָדער נאָר „קאָנפראָנטאַציע״, אָבער עס איז אין אמתן אַ גרויסער וועלט־קריזיס.

די ביטערסטע טענות האָבן די אַראַבער, זיי האָבן אָנגעהויבן די מלחמה, האָבן באַקומען שטאַרק געשלאָגן, איין מפּלה נאָך דער אַנדערער און זענען שטאַרק אויפגעבראַכט אויף אַמעריקע, פאַר וואָס זי העלפט די יידישע „אַגרעסאָרן״. אַללאַ האָט זיי פאַרלאָזן, סאָוויעט־רוסלאַנד האָט זיי ניט פאַרלאָזן, אָבער געשלאָגן האָבן זיי באַקומען פון די יידן. אַמעריקע האָט ניט געשיקט די יידן קיין „טעכניקערס״ און קיין „רעפּרעזענטאַנצן״, ווי מאָסקווע האָט געטאָן, אָבער ווי קאָן מען אויסהאַלטן די יידישע קלעפּ?

לאָמיר זיך ניט נאַרן: וואָס פאַר אַ וואָפנרו אָדער אפילו אַ שלום עס זאָל ניט רעאַליזירט ווערן, וועט דער נאָענטער מזרח ברענען נאָך אַ סך יאָרן און דאָס יידישע פאָלק דאַרף זיין גרייט אויף אַ סך קרבנות. נאָר דער צוזאַמענברוך פון דעם רוסישן נאַ־ציזם און דאָס פאַרשווינדן פון דער הערשנדיקער קליקע אין דעם סאָוויעטישן רעזשים קאָן אונטער געוויסע אומשטענדן ראַטעווען אייראָפּע. די קליקע האָט געזוכט און שיער־שיער ניט געפונען געלט און קרעדיטן און אַלערליי „פּריווילעגיעס״ אין דעם אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליזם. זיי וועלן איצט לאַנג וואַרטן אויף די פּריווילעגיעס. זיי זענען שוין גרייט געווען צו פאַרניכטן די קליינטשיקע יידישע מדינה.

ניין, אַמעריקע און אייראָפּע, זענען צוויי פאַרשידענע וועלטן. ס׳איז נאָך פרי צו חלומען וועגן אחדות...

(„פרייע אַרבעטער שטימע״, יאַנואַר 1974)

# אָפענע רייד

מערקווערדיק, עס איז געווען אומהיימלעך, אָבער אין דער אייגענער צייט האָט מען געהאַט אַ געפיל פון גרויסער צופרידנקייט, ווען מען האָט געהערט (דעם 26־טן נאָוועמבער) די צוויי אָפיציעלע אַראַבישע עמיסאַרן רעדן אין דער פראַנצייזישער טעלעוויזיע, אין פּאַריז, וועגן דער פּאַן־אַראַבישער מלחמה קעגן מדינת ישראל, פּאַקטיש קעגן דעם גאַנצן יידנטום.

אומהיימלעך, ווייל איר האָט געזען פאַר זיך דעם מערדער, גוט אָנגעטאָן, מיטן מעסער אין דער האַנט, גוט און קלאָר גערעדט און רואיק אָנגעזאָגט אייך, אַז ער גייט אייך אומברענגען, דערשטעכן און קוילען. דער שרייבער פון די שורות האָט בשעת אַ פּאָגראָם אין רוסלאַנד מיט אַ סך יאָרן צוריק געזען פאַר זיך אַ רוסישן מער־דער און זיין קרבן, צופעליק אַן אוקראַאינישער בחור און אַ מיטגליד פון דער יידישער זעלבסטשוץ. אין אַ סעקונדע איז ער געפאַלן אַ טויטער. איך זע נאָך איצט פאַר מיר דאָס פּנים פונעם מערדער. דער אַלזשיריאַנער אינדוסטריע־מיניסטער, וועלכער האָט גערעדט פאַר אַ גרופּע אויסגעקליבענע פראַנצייזישע זשורנאַליסטן, האָט גע־רעדט רואיק און פיין, פּשוט אַ דזשענטלמאַן.

און צופרידן איז מען, ווייל די קאָנספּיראַציע איז מער ניט קיין קאָנספּיראַציע. די גאַנצע וועלט קאָן זען די הויפּט־פאַרברע־כערס און זייערע שותפים, זייערע פריינד און זייערע מיטהעלפערס. אָט איז אַראַפאַט אין מאָסקווע, אָט זענען זיינע באַראַטערס אין פּאַריז און דאָ האָבן מיר די אַראַבישע עמיסאַרן אין דער פּאַריזער טעלעוויזיע, וואָס איז אַ רעגירונגס־אינסטיטוציע.

מען דאַרף באַוואונדערן דעם נאַאיוון קוראַזש פון די אַראַבישע מערדערס, וועלכע רופן גאַנץ אייראָפּע צו באַטייליקן זיך אין דעם מאָרד, וואָס ווערט צוגעגרייט אין נאָענטן מזרח מיט דער הילף פון סאָוויעט־רוסלאַנד — און פראַנקרייך.

דאָ דאַרף מען זאָגן, אַז די פראַנצייזישע צייטונגס־לייט האָבן פשוט געריסן שטיקער פלייש פון די אָפיציעלע אַראַבישע מאָרד־אַגענטן. זיי האָבן ניט נאָר געראַטעוועט דעם כבוד פון פראַנקרייך, נאָר האָבן דערמאָנט אונדז אין דער ווערדע פון מענטשן. זיי האָבן היציק גערופן די אַראַבישע מענטשן צו באַטראַכטן זיך וואָס זיי גייען טאָן, ווען זיי פרעדיקן מאָרד פון אַ גאַנצן פאָלק. צי דאָס וועט העלפן, איז אַן אַנדער זאַך.

אָבער די אַראַבער, אַ היפּש ביסל צעטומלט פון די פראַנצויזן, האָבן זיך געפילט אין פּאַריז ווי ביי זיך אין מעקאַ. זיי האָבן דער־קלערט, אַז אייגנטלעך וואָלט אייראָפּע געדאַרפט שיקן אַן אַרמיי אין דעם נאָענטן מזרח אויף צו פאַרניכטן ישראל. זיי זענען גרייט צו מאַכן פיפטי־פיפטי מיט אַ געאייניקטער אייראָפּע.

דאָס זענען געווען היטלערס רייד, ניט היטלערס משוגענע רייד און מאַנירן, אָבער היטלערס „אידעאָלאָגיע".

אַזוינס האָב איך קיין מאָל ניט געהערט פריער. עס איז היינט פולשטענדיקער הפקר. דאָס וואָס סיריע האָט געטאָן מיט עטלעכע צענדלינג יידישע געפאַנגענע און זאָגט זיך אָפּ אפילו צו ענטפערן דעם „רויטן קרייץ", איז געוואָרן אַ „נאָרמאַלע" דערשיינונג. די אָפענע רייד פון די אַראַבישע עמיסאַרן באַשטעטיקן דעם גרעסטן פאַרדאַכט.

ניט אַלע זענען געווען זיכער, אַז מיט דעם פאַרשווינדן פון גענעראַל דע־גאָל וועט פאַרשווינדן אויף שטענדיק דער גאָליזם. ניין, צו לאַנג האָט דע־גאָל פאַרסמט די לופט פון פראַנקרייך און דעמאָראַליזירט דאָס פּאָליטישע לעבן פון דעם לאַנד, כדי דאָס לאַנד זאָל קומען צו זיך. זיינע תלמידים, אַלערליי פּאָליטישע אַוואַנ־טוריסטן, וואָס האָבן קיין מאָל ניט געפידלט אין פראַנקרייך, היטן

די פּאָן, וואָס איז אַרויסגעפּאַלן פון דע־גאָלס הענט און שווערן ביי זיין קבר, אַז זיי וועלן ווייטער אָנגיין מיט דעם קאַמף פאַר פראַנק־רייכס פרייהייט און אומאָפּהענגיקייט, אַזוי ווי אימעצער וואָלט זיך געגרייט צו באַפאַלן דאָס לאַנד.

פראַנקרייך געפינט זיך אין אַ קלעם צוזאַמען מיט איר פּראָ־אַראַבישער פּאָליטיק, ווייל ניט ענגלאַנד און ניט דייטשלאַנד וועלן ניט מיטמאַכן איר אַוואַנטורע. אין לאָנדאָן און אין באָן ווייסט מען, צי מען וועט דורכקומען מיט דעם אַראַבישן בלאָק מיט גוטן אָדער מיט אַ צוואַנג, אָבער עס וועט מוזן נעמען אַ סוף צו דעם, וואָס אַלע רופן אָן מיטן נאָמען פּעטראָל־שאַנטאַזש. די שטימונג אין פּאַריז איז אויך ניט קיין געהויבענע. דאָס פּנים פון פּאָמפּידון איז ווי געשוואָלן, מען ווייסט ניט, צי דאָס איז פון קאָרטיזאָן, ווייל ער איז ערנסט קראַנק, אָדער פון די גרויסע זאָרגן צוליב זיין פּראָ־אַראַבישער אַוואַנטורע. ווי עס ווייזט אויס, האָבן די אַראַבישע באַראָנען אַליין אָנגעהויבן טראַכטן, צי זיי האָבן ניט איבערגעכאַפּט די מאָס. וואָס וועלן זיי, צום ביישפּיל, טאָן, אויב זיי באַקומען אַ שיינעם טאָג צו וויסן, אַז קיין שום אַראַבישער ציווילער אַוויאָן קאָן מער ניט לאַנדן אין די באַשטראָפטע לענדער און קיין שום אַוויאָן פון די באַשטראָפטע לענדער וועט ניט פליען מער אין קיין שום אַראַביש לאַנד. דאָס איז נאָר איינס פון אַ סך מאָסמיטלען, וואָס קאָנען באַנוצט ווערן אויף צו ברעכן דעם באַשלוס פון די אַראַבישע נאַפט־מאַגנאַטן צו באַשטראָפן די אייראָפּעאישע לענדער.

די „אָפענע רייד" פון די אַראַבישע עמיסאַרן זענען פון אַ גאָר גרויסן ווערט. זיי מאַכן דעם ענין גאַנץ קלאָר. מען דאַרף ניט אינ־טערפּרעטירן און פאַרטייטשן זייערע סטראַשונקעס. זייערע „אָפענע רייד" האָבן אָנגעהויבן אויסניכטערן אפילו די גאָליסטישע פּאָליטי־קערס אין פראַנקרייך. נאָך אַלעמען דאַרף פראַנקרייך האָבן אַ מאַרק פאַר איר שאַמפּאַניער, פאַר איר קאָסמעטיק און די לוקס־קליידער און דאַרף אויך איינקויפן ניט ווייניק וויכטיקע קלייניקייטן פאַר איר אינדוסטריע. אויב אַ רייך לאַנד — ניט נאָר מיט געלט, נאָר אויך מיט אינדוסטריעלער איניציאַטיוו און פּראָדוקציע — וויל ניט

בלייבן איזאָלירט, קאָן אַ לאַנד ווי פראַנקרייך פשוט ניט עקסיסטירן אין אַ צושטאַנד פון פולשטענדיקער איזאָלירונג. ווילי בראַנדט, דער שעף פון דער מערב־דייטשער רעגירונג, און היט, דער שעף פון דער בריטישער רעגירונג, זענען אין שטאַנד, אפשר — אפשר? — צו איבערצייגן אַ מאַן ווי פּאָמפּידו אין וואָס פאַר אַ געפאַר פראַנקרייך געפינט זיך, ווען נאַרישע פראַנצייזישע פּאָליטיקערס זענען אַזוי באַגייסטערט צוליב דעם, וואָס זייער לאַנד האָט געגנוג פּעטראָל...

וואָס פון די „אָפענע רייד" פון די אַראַבער און ניט־אָפענע קאָנספּיראַטיווע פון די פריינד פון די ניט־אַראַבער קאָן אַרויסקומען, איז קלאָר פאַר אונדז אַלעמען. די נאָענטע צוקונפט וועט אונדז ברענגען די רעאַליטעט פון דעם געפערלעכן שפּיל...

(„פרייע אַרבעטער שטימע", פעברואַר 1974)

# דער מאַרש פון איסלאַם

איצט, נאָך דער איסלאַם־קאָנפערענץ אין לאַהאָר און די אינ־ספּירירנדיקע רעדעס פון די צוויי „צדיקים", קאַדאַפי און בומעדיען, וועגן דעם רענעסאַנס פון איסלאַם; איצט, ווען די איטאַליענישע רע־גירונג האָט באַשלאָסן צו באַפרייען די יונגע אַראַבישע פּראָפעסיאָ־נעלע מערדערס, וועלכע האָבן געאַרבעט לויט אינסטרוקציעס פון דעם אויסלענדישן טעראָריסטישן צענטער אין רוים; איצט ווען פייסאַל פון סאַוד־אַראַביע און קאָווייט האָבן געזען וואָס פאַר אַן איבערקערעניש דער עמבאַרגאָ פון נאַפט האָט אַרויסגערופן אין דער גאַנצער וועלט, אפילו אין די פאַראייניקטע שטאַטן ווו די אינ־דוסטריע איז ניט אָפּהענגיק פונעם אַראַבישן נאַפט; איצט, ווען עס איז אַבסאָלוט קלאָר, אַז דער אַראַבישער טעראָר איז „געדעקט" פון די אַראַבישע מלוכות, פּראָוואָצירט און זיכער פינאַנסירט פון די קאָלאָסאַלע אַראַבישע קאַפּיטאַלן; איצט, איז אפשר געקומען די צייט צו מאַכן דעם ערשטן סך־הכל פון דער איסלאַם־קאַמפּאַניע, האָפנטלעך איז עס ניט צו שפּעט...

מען האָט שפּעט זיך געכאַפּט וואָס דער היטלעריזם באַטייט, דאָס זעלבע מיטן לעניניזם און סטאַליניזם. מען האָט אויך פאַר־שפּעטיקט אָפּצושאַצן די פאַרגייער פון היטלעריזם, דאָס הייסט, דעם קייזער ווילהעלם דעם צווייטנס „דייטשלאַנד, דייטשלאַנד איבער אַלעס", ווי מען האָט אין פראַנקרייך גופא צו שפּעט דערזען וואָס די חוצפּהדיקע פּאַטעטיק פון גענעראַל דע־גאָל באַטייט. אין אַ קורצער צייט האָט מען געהאַט צוויי וועלט־מלחמות מיט צענדלינגער

מיליאָנען קרבנות און אַן עקאָנאָמישן חורבן וואָס לאָזט זיך גאָר ניט אָפּשאַצן. צוויי מאָל האָט אַמעריקע געדאַרפט שיקן גרויסע אַרמייען איבערן אַטלאַנטיק ביז... ביז דע־גאָל האָט אַרויסגעוואָרפן אַלע איינריכטונגען פון דער „נאַטאָ", אַ שאָדן וואָס ווערט אָפּגע־שאַצט אין אַ מיליאַרד ניט־דעוואַלוירטע דאָלאַרן.

עס איז אינטערעסאַנט צו נאָכפאָלגן די קאָנפערענצן פון די מחמדאַנער, צו ערשט אין עגיפּטן, שפּעטער מערערע מאָל אין קאָוויט, אין אַלזשיר, אין מאַראָקאָ, ביז צו דער גרויסער איסלאַם־קאָנפערענץ אין לאַהאָר מיט איר איינשטעלונג פון די רעליגיעז־פּאָליטישע כללים. עס דערמאָנט שטאַרק די צייטן פון מחמד אין מיטלעלטער און דעם פאַרשפּרייטן דעם איסלאַם ביז דרום־פראַנק־רייך אין אייראָפּע און ביז מאָנגאָליע אין אַזיע. מען רופט אָן דעם יונגן פאַנאַטיקער קאַדאַפי „דער האַלב־משוגענער הערשער" פון ליביע, אָבער רעדט דען ניט די אייגענע שפּראַך ווי ער, פייסאַל, דער קעניג פון סאַוד־אַראַביע? ער דערקלערט זיך פּשוט פאַר אַ משיח וואָס דאַרף אויסלייזן ניט נאָר ירושלים, נאָר די גאַנצע וועלט. מחמדס יורשים האָבן אין דער אמתן פאַרכאַפּט צענדליגער לענדער, פאַרטיליקט זייערע אמונות און אַזוי צו זאָגן, „באַפרייט" זיי פון זייער פיזישער און גייסטיקער שקלאַפעריי. זיי האָבן אפילו אַרויסגעוויזן אַ געוויסן ליבעראַליזם און ניט אויפגעצוווּנגען דעם איסלאַם אויף די דעראָבערטע לענדער. וואָלט סאָלזשעניצין געלעבט אין יענע צייטן, וואָלט ער זיכער ניט געהאַט אויסצושטיין די פּיי־ניקונגען פון לעניניזם־סטאַליניזם.

די באַשלוסן פון דער איסלאַם־קאָנפערענץ אין לאַהאָר זענען אַן ערנסטער אָנזאָג פאַר אַמעריקע, ווו די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי גייט אָן מיט איר פּריוואַטער מלחמה קעגן די רעפּובליקאַנער. די מלחמה קאָסט שוין אַמעריקע אַ מאַסע פון פאַרלוסטן און פּאָליטישן פּרעס־טיזש. דער קלאַנג, אַז קיסינגער האָט זיך ערנסט באַקלאָגט אויף דער געשאַפענער לאַגע און אַז די פּאָליטישע סקאַנדאַלן ברענגען גרויס שאָדן זיין אַרבעט איז אָפּגעלייגט געוואָרן, אָבער דאָס וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אויף דער וואַשינגטאָנער קאָנפערענץ איז

דער בעסטער באַווייז, אַז די אַמעריקאַנער רעגירונג האָט פאַרלוירן פּרעסטיזש. אַ מאַן, ווי דער היינטיקער פּרעזידענט פון פראַנקרייך אָדער זיין אויסערן־מיניסטער, וואָלטן זיך ניט דערלויבט אויפטרעטן אויף אַזאַ אופן ווי זיי האָבן עס געטאָן, אויב מען וואָלט ניט אין וואַשינגטאָן אָפן דיסקוטירט די פראַגע צי מען זאָל ניט שטעלן דעם אַמעריקאַנער פּרעזידענט פאַר אַ געריכט...

די אַראַבישע פּראָפּאַגאַנדע, דער אַראַבישער טעראָר, די אַראַבישע אַגענטורן און דער נאַפט־עמבאַרגאָ איז איין אַקציע מיט פאַרשידענע אַספּעקטן, איין גרויסע קאָנפראָנטאַציע. מען דאַרף מיינען, אַז קיסינגער איז גענוג קלוג און גענוג דערפאַרן כדי צו זען קלאָר די אַראַבישע פּלענער און ריכטיק אָפּשאַצן די טאַקטיקעס פון די פירנדיקע קעפּ אין די הויכע אַראַבישע ספערן. ניט וועלנדיק שאַפן קיין פּאַניק ביי יידן, ניט איבערטרייבנדיק, אָבער אויך ניט אונטערשאַצנדיק די סכנות פון דער אַראַבישער קאָנספּיראַציע ספּעציעל פאַרן יידנטום ניט נאָר פאַר מדינת ישראל, נאָר פאַר דעם גאַנצן יידנטום, מוז מען היינט זאָגן עפּעס וואָס איז זייער וויכטיק: אַמעריקע האָט אַ יידישע באַפעלקערונג פון איבער זעקס מיליאָן נפשות, אַקטיווע, אָרגאַניזירטע, גוט־סיטואירטע עקאָנאָמיש, איינפלוס־רייכע. די הילף פון אַמעריקע איז עפעקטיוו און דער דערפאָלג פון ד״ר העברי קיסינגער, איז געווען אַ נס מן השמים פאַר אונדז. מען האָט דעם ייד געפּרוווט צו פאַרגלייכן מיט דעם עסטרייכישן קאַנצלער מעטערניך אָדער מיט דעם פראַנצייזישן דיפּלאָמאַט טאַלייראַן.ביידע פאַרגלייכן זענען ניט ריטכיקע. אָבער אויב עס איז נייטיק צו פאַרגלייכן איז שוין קליגער צו פאַרגלייכן אים, לויט מיין מיינונג, מיט דיזראַעלי — לאָרד ביקאָנספילד. כאָטש מען האָט אים אָפּגעשמדט ביי דרייצן יאָר איז ער שטענדיק געווען שטאָלץ אויף זיין יידישן יחוס, האָט געהאַט אַ גרויסן אינטערעס פאַרן יידנטום, האָט אפילו געהאַט זיינע אינטערעסאַנטע אידעען וועגן דעם צוזאַמענלעבן פון יידן, קריסטן און מחמדאַנער אין דעם נאָענטן אָריענט.

נאָך אַלעמען איז אָבער קיסינגער אַן אַמעריקאַנער מיניסטער

און זיין פּאָליטיק מוז דינען אַמעריקאַנער אינטערעסן, קאָן ניט זיין אַנדערש ווי נאָר אַמעריקאַנער פּאָליטיק, גראדע אין נאָענטן מזרח ווו אין דעם מיטלענדישן ים זענען דאָ גרויסע אַמעריקאַנער אינ־טערעסן וואָס זענען ניט קעגן יידישע אינטערעסן, נאָר פאַרקערט, זיי זענען אין הסכם מיט יידישע אינטערעסן.

דאָס איז וואָס מען דאַרף שטענדיק האָבן אין זינען, אין נאָר־מאַלע צייטן און אין קריטישע צייטן. עס קאָן געשען, אַז די אינ־טערעסן פון אַמעריקאַנער צד וועלן ניט זיין אין הסכם מיט די אינטערעסן פון דעם יידישן צד און דעמאָלט וועט קומען צו אַ גע־פערלעכן קריזיס.

מען דערמאָנט פון צייט צו צייט, אַז עס זענען דאָ קאָנפליקטן ביי די אַראַבער, קאָנפליקטן צווישן „די וואָס האָבן צו פיל״ און „די וואָס האָבן צו ווייניק״, אָבער די קאָנפערענץ אין לאַהאָר האָט פאַרזאַמלט פאַרטרעטער פון 38 מוזולמענישע לענדער. דאָס איז שוין מער ניט קיין קאָנספּיראַציע, דאָס איז אַן אָפענע מאָביליזאַציע קעגן דער נייער ציוויליזאַציע, אַ רוף צו גרייטן זיך צו אַ מלחמה אין נאָמען פון דעם „נביא״. די נאַפט־מאַגנאַטן רעדן וועגן אינ־דוסטריאַליזירן זייערע לענדער כדי זיי זאָלן ניט דאַרפן אָנקומען צו דער אַמעריקאַנער און אייראָפּעאישער אינדוסטריע. זיי העכערן פילפאַכיק די פּרייזן פון נאַפט כדי אייראָפּע און אַעמריקע זאָלן אַליין באַצאָלן די צוגרייטונג פון די אַראַבישע לענדער צו אַ קאָנ־צענטרירטער אַטאַקע קעגן די לענדער וועלכע האָבן אויפגעבויט ביי זיי די נאַפט־אינדוסטריע .אַ פיינע ראָלע שפּילט דערביי דער פראַנצייזישער קאַפּיטאַל אין דינסט פון דער פראַנצייזישער דיפּלאָ־מאַטיע. אין פראַנקרייך גופא מוז מען ליקווידירן די גיגאַנטישע אונטערנעמונג פון די „קאָנקאָרד״־עראָפּלאַנען, מען איז אויך גע־צוווּנגען צו ליקווידירן די קאָלאָסאַלע אונטערנעמונג מיט דער פּראַכטפולער שיף „פראַנס״, אָבער דער אויסערן־מיניסטער זשאָ־בער פאָרט אַרום אין די אַראַבישע לענדער און שרייבט אונטער פּי־נאַנציעלע און פּאָליטישע פאַרפּליכטונגען, מאַכנדיק דערביי חוצ־פּהדיקע און פּראָוואָקאַטיווע דערקלערונגען.

די האַלטונג פון פראַנקרייך, וואָס איז היינט איזאָלירט ניט נאָר פון אַמעריקע, נאָר אויך פון ענגלאַנד און מערב־דייטשלאַנד, באַווייזט, אַז דער געמיינשאַפטלעכער מאַרק איז געבויט אויף זאַמד. פריער איז עס געווען דע־גאָל און היינט איז עס פּאָמפּידו, וועלכע האָבן אויסגענוצט דעם מאַרק פאַר זייערע אייגענע צוועקן. איצט איז עס מער ניט קיין געמיינשאַפטלעכער מאַרק, נאָר פּשוט אַ מאַרק וועלכער האַלט, לויט דעם דירעקטאָר פון דער אָרגאַניזאַציע, ביים איינפאַלן, און אָרטאָלי איז אַליין אַ פראַנצויז, וואָס פּרוּווט צו ראַטעווען די אָרגאַניזאַציע.

אויב מען זאָל נעמען אין באַטראַכט די מלחמה פון די ישראל־גענעראַלן, ווי דער לאָנדאָנער „טיימס" רופט אָן די קריגערייען אַרום גענעראַל דיין, איז דאָס אַן אָפן פעלד פאַר די אַראַבער.

די קאָנפערענץ אין לאַהאָר איז ניט די ערשטע און ניט די לעצטע. זי איז אָבער די גרעסטע מאַניפעסטאַציע פון פּאַן־אַראַביזם און איסלאַם־סאָלידאַריטעט און דיסציפּלין. נאָר די, וואָס ווילן ניט זען דיווירקלעכקייט ווי זי איז און ווילן ניט הערן דאָס, וואָס ווערט אַזוי קלאָר פּראָקלאַמירט, זענען ניט אין שטאַנד אָפּצושאַצן ווי עס דאַרף צו זיין די באַדייטונג פון דער קאָנפערענץ. דער פראַנצייזישער ראַדיאָ מעלדעט, אַז קיין איינציק מאָל האָט מען ניט גערעדט אויף דער קאָנפערענץ וועגן צעשטערן און פאַרניכטן מדינת ישראל. דערפאַר קומט זיי, די אָנפירער פון דער באַוועגונג פון פּאַן־אַראַביזם, אַ באַזונדערער דאַנק. ווי געזאָגט, די סאָלידאַריטעט און די דיסציפּלין זענען אַ מוסטער פון וועלכע אויך ניט־אַראַבער קאָנען עפּעס אָפּלערנען...

(„לעצטע נייעס", דעם 6־טן מערץ 1974)

# פוילן — יידנריין!

זינט אַ פּאָניאַטאָווסקי איז געוואָרן אַ פראַנצייזישער מיניסטער און באַווייזט זיך אָפט אין דער פראַנצייזישער טעלעוויזיע, דערמאָן איך זיך די געשעעענישן אין אָנהייב פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען פוילן איז נאָך געווען אַ פּראָווינץ אונטער רוסישער הערשאַפט. פּאָניאַטאָווסקי איז אַ וויכטיקער נאָמען אין דער געשיכטע פון פוילן. אַ פּאָניאַטאָווסקי איז געווען דער לעצטער פוילישער קעניג און מאַר־שאַל יוזעף פּאָניאַטאָווסקי איז געווען אַ ליבלינג פון נאַפּאָלעאָן און איז אומגעקומען אין דער שלאַכט ביי לייפּציג פאַר די אויגן פון נאַפּאָלעאָנען. אַ יונגער קראַסאַוויעץ און אַ בראַווער סאָלדאַט איז ער געווען, אַ ראָמאַנטישע פיגור און די פּאָליאַקן האָבן דערוואַרטעט אַ סך גליקן פון נאַפּאָלעאָנס ליבע צו דעם באַצויבערנדיקן פוילישן אַדלער.

איך בין געווען אַ קאָרעספּאָנדענט פאַר רוסישע צייטונגען אין פוילן בשעת די גרויסע מפּלות פון דער רוסישער אַרמיי.דער גרויס־פירשט ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש האָט אָפּגעהאַלטן זיין ערשטן גרויסן נצחון אין דער מלחמה קעגן יידן: ער האָט געהייסן אַרויסטרייבן זעקס הונדערט טויזנט יידן פון די פוילישע שטעט און פון די באַל־טישע פּראָווינצן. ס׳איז געווען אַ שרעקלעכער פּאָגראָם און נאַטיר־לעך אַ שרעקלעכער כאָאָס אין מיטן פון די געוואַלדיקע מפּלות. וואַרשע איז געווען איבערגעפּאַקט מיט פּליכטלינגע און סאָלדאַטן. דער הויף פון דער גמינע איז געווען פול מיט וואָגנס פון די פאַר־טריבענע יידן. דאָס איז געווען דער אָנהייב פונעם סוף...

ווען איך פלעג קומען קיין וואַרשע פון מיין פּאָסטן ביי סאָכאַ־טשעוו האָב איך פריער פון אַלץ באַזוכט י. ל. פּרץ, אונדזער גרויסן דיכטער, וועלכער האָט געאַרבעט אין דער גמינע און האָב געהאַט מיט אים אַ שמועס אָדער געגאַנגען צו אים אַ היים.

איין מאָל זאָגט מיר י. ל. פּרץ: קומט פרייטיק אין אָוונט, וועט איר גיין צוזאַמען מיט מיר צו אַ פריינד.

דאָס האָט מיך זייער אינטערעסירט. דעם באַזוך וועל איך קיין מאָל ניט פאַרגעסן, כאָטש דאָס איז געשען מיט קנאַפּע זיבעציק יאָר צוריק .דער פריינד פון י. ל. פּרץ איז געווען אַ באַקאַנטע יידישע פּערזענלעכקייט, אשכנזי, וועמענס זון איז געווען אַ וויכטיקער פּוילישער שטאַטסמאַן, פאַרטרעטער פון פּוילן אין דעם שפּעטער געגרינדעטן פעלקערבונד. איך האָב אים קיין מאָל ניט געזען, אָבער איך האָב געלייענט זיין גרויס ווערק וועגן מאַרשאַל יוזעף פּאָניאַטאָווסקי.

דאָס געשפּרעך איז געפירט געוואָרן פון די צוויי אַלטע פריינד. איך האָב זיך געפילט ווי זיין אָנוועזנד אין דער סביבה פון אָפּאַטאָ־שו׳ס „פּוילישע וועלדער״ מיט דער ספּעציפיש פּויליש־יידישער אַטמאָספערע פון די אַמאָליקע צייטן. זייענדיק געבוירן ווייט, ווייט פון פּוילן און דערצויגן אין אַן אָרטאָדאָקסישער היים פון רוסישע יידן, אַן דער „אַטמאָספערע״, איז פּוילן שוין געווען מיר גוט באַ־קאַנט. איך בין שוין געווען אין אַ סך פּוילישע שטעט און שטעט־לעך, — אַלס אַ מיטאַרבעטער ביים צענטראַל־קאָמיטעט פון דער ייק״א אין פּעטערסבורג. איך האָב שוין גוט געקענט די נאַציאָנאַלע פּוילישע אַנטיסעמיטישע באַוועגונג און איר לאָזונג: „סוואָי דאָ סוועגאָ״. איך האָב שוין געקענט אַ היפּש ביסל פּוילישע געשיכטע און אירע העלדן, איך וואָלט געקאָנט זאָגן, כ׳האָב געוווּסט די אויפ־טועז פון דער פּוילישער שליאַכטע און גאַנץ באַזונדערס די ראָלע פון דעם רוסישן אָקופּאַנט.

איך האָב געהאַט אויך, אַזוי צו זאָגן, אַ גאָר ספּעציעלע „אויס־בילדונג״: אין פאַרלויף פון כמעט פינף יאָר האָב איך אין דער

דומאַ אָבסערווירט די גרופּע פון פּוילנס פאַרטרעטער, די אַזוי גערופענע „קאָלאָ פּאָלסקיע״, אַזוי גוט ווי אַלע מיטגלידער פון דער „נאַראָדאָוואַ דעמאָקראַציאַ״, אַן אַרכי־רעאַקציאָנערע און אַרכי־אַנטיסעמיטישע פּאַרטיי, אַן ערך פערציק מאַן. זיי האָבן ניט געהאַט אין דער דומאַ קיין שום פאַרבינדונג, ניט מיט די רעכטע און ניט מיט די לינקע, מיט קיינעם ניט. שטענדיק אָנגעבלאָזן און אָפּגעזונדערט, ווי צערייצטע אינדיקעס, האָבן זיי דעמאָנסטרירט זייער נאַציאָנאַלן שטאָלץ. קיינער האָט זיי ניט באַליידיקט און קיינער האָט זיי ניט רעספּעקטירט. עס איז געווען אַ טרויעריקע קאָמעדיע און אַ קאָמישע דראַמע. און זיי זענען דאָך דערביי געווען די אמת׳ע פּראָדוצענטן פון דעם אַנטיסעמיטישן סם...

מען חזרט איצט איבער מיט אַ געוויסער גלייכגילטיקייט דעם זאַץ: פּוילן איז היינט יידן־ריין! און מען באַרואיקט זיך. דאָס איז אָבער ניט אַזוי איינפאַך. דאָס פּוילישע יידנטום האָט געהאַט אַ גרויסע אויטאָנאָמיע. דאָס פּוילישע יידנטום האָט געהאַט אַן אייגענע יוריסדיקציע, דאָס פּוילישע יידנטום האָט געהאַט אייגן געלט און מטבעות און נאָך אַלעמען, אין אַלטע צייטן, ווען אַ נייער קעניג האָט געשווירן, אַז ער וועט אָפּהיטן די קאָנסטיטוציע פונעם לאַנד האָט ער אויך געשווירן, אַז ער וועט אָפּהיטן די קאָנסטיטוציע פון דער יידישער אויטאָנאָמיע.

צי עס האָט געהערשט דער גייסט פון דמאָווסקי, דער אידעאָלאָג פון דער „נאַראָדאָוואַ דעמאָקראַציאַ״, אָדער פון דעם צעדרייטן פּסיכאָפּאַט גאָמולקאַ, דער רענעסאַנס פונעם נייעם פּוילן איז געקרוינט געוואָרן מיט דער קאָאָפּעראַציע צווערשט מיט די דייטשע נאַציס און נאָך דעם מיט די רוסישע קאָמוניסטישע נאַציס.

די גרעסטע דערגרייכונג פון דער רוסישער אָקופּאַציע איז דאָ: פּוילן איז יידנריין...

***

פאַר מיר ליגט אַ בוך פון דעם שפּאַנישן שרייבער סאַלוואַדאָר דע מאַדאַריאַגאַ: „דער צוזאַמענברוך פון דער שפּאַנישער אימפּעריע

אין אַמעריקע״ *(. דער מחבר איז אַן ערנסטער וויסנשאַפטסמאַן און אין זיין בוך איז דאָ אַן אינטערעסאַנטער קאַפּיטל וועגן יידן (זייט 290) פון אַ גאַר גרויסן אינטערעס פאַר אונדז. דער קאַפּיטל הייבט זיך אָן אַזוי:

— „די יידן האָבן געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין דעם צעפאַלן זיך פון דער שפּאַנישער אימפּעריע. דער גירוש פון די יידן אין 1492 איז געווען צוליב פאַרשידענע סיבות אַ קאַטאַסטראָפע („דע־זאַסטער״) פאַר שפּאַניע. פריער פון אַלץ דערפאַר ווייל זיי האָבן אויסגעמאַכט אַ באַדייטנדיקן טייל פון דער באַפעלקערונג פון לאַנד און חוץ דעם צוליב זייער קוואַליטעט, ספּעציעל ווייל דער גרעסטער טייל פון זיי איז געווען גוט אַנטוויקלט, גאַנץ באַזונדערס אין פאַר־שידענע פאַכן. די יידן וואָס זענען געווען לײַדנשאַפטלעך צו־געבונדן צו שפּאַניע האָבן קיין מאָל ניט מוחל געווען דאָס צווינגען זיי צו פאַרלאָזן די ערד, אין וועלכער זיי זענען געווען איינגע־וואָרצלט טיפער ווי אין וועלכן עס איז אַנדער לאַנד אין דער וועלט. זיי זענען געוואָרן די גרעסטע שונאים פונעם לאַנד. עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ גאַנץ מערקווערדיקע פּסיכאָלאָגישע שפּאַנונג, אַן „עקסטרעמיזם״ וואָס איז מערקווערדיק דערפאַר, ווייל קיין פאָלק איז ניט געווען אַזוי גרויסצוגיק אין זייער באַציאונג צו יידן, קיין פאָלק האָט זיי ניט געגעבן אַזוי פיל מאַכט און ניט געווען אַזוי גוט צו יידן ווי שפּאַניע...

„די יידן זענען געוואָרן די שונאים פון שפּאַניע גראַדע דער־פאַר ווייל זיי האָבן זיך געפילט ווי אמת׳ע שפּאַניער. וואָס פאַר אַ שיקזאַל! זיי האָבן פאַרלאָזן דאָס לאַנד אין גאַנצן פאַריידישט און זענען אַוועק אין פרעמדע לענדער אין גאַנצן („פּראָפּאַגאַנדעמאַן״) שפּאַניעזירט. זיי האָבן זיך דעריבער געפילט ווי אַריסטאָקראַטן אין דעם יידנטום...״.

דער שפּאַנישער שרייבער איז דערשיטערט פון דעם פענאָמען,

* « Le déclin de l'empire espagnol d'Amérique », édition Albin Michel.

פון די קרבנות פון דעם גירוש, און פאַרזוכט צו באַנעמען די פּסיכאָלאָגיע פון די יידן וועלכע האָבן געלעבט מיט דער ליבע צום אַמאָליקן פאָטערלאַנד און האָבן עס אַקטיוו געהאַסט, געווען גרייט צו פאַרניכטן עס און אָנטאָן אים אַלערליי צרות. ווייסן מיר דאָך אַז דער צושטאַנד האָט געדויערט הונדערטער יאָרן. שפּאַנישע מאַכט איז געבראָכן געוואָרן. דאָס לאַנד האָט טייער באַצאָלט פאַר דעם ברוטאַלן מאַרש פון דער אינקוויזיציע און איז אייגנטלעך קיין מאָל ניט געקומען צו דעם וואָס ס'איז פריער געווען.

דערמאָנט עס ניט אַלץ וואָס מיר זעען היינט אין דעם רוסיש־קאָמוניסטישן פוילן? פאַרשטייען דאָס ניט די פירערס פון דעם דעגענערירטן פוילן וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ רוסישער פראָווינץ? זענען דאָך די פאָליאַקן געפאַלן אַזוי נידעריק, אַז זיי האָבן זיך באַטייליקט צוזאַמען מיט דער רוסישער אַרמיי אין דעם דערשטיקן די טשעכאָסלאָוואַקיי און אָקופּירן דאָס לאַנד...

עס ווערן איצט באַקאַנט איינצלהייטן פון דעם ווי פוילן האָט באַהאַנדלט די לעצטע יידן וואָס האָבן פאַרלאָזן דאָס לאַנד. ווי רויבער און גזלנים האָבן זיך געוואָרפן די שכנים אויף זייערע אַלטע מיטבירגער. היטלעריזם און סטאַליניזם האָבן באַרייכערט די פּוילישע קולטור. די באַפעלקערונג האָט זיך אויסגעשטעלט אַ סערטיפיקאַט פון הויכער קריסטלעכער מאָראַל, פאַרגעסנדיק, אַז דער יום הדין וועט קומען...

דאָס טראַגישע אין דער דראַמע באַשטייט אין דעם וואָס ניט זעלטן האָבן אַלערליי מאָראַל־פּרעדיקער דערקלערט, אַזביידע פעלקער, יידן און פּאָלאַקן, האָבן הינטער זיך די אייגענע געשיכטע פון פאַרפאָלגונג און פּייניקונג און אַז די אייגענע מאַרטיראָלאָגיע וואָלט זיי געדאַרפט פירן צו אַ קעגנזייטיקער פאַרשטענדיקונג, צו אַ נאָרמאַלן צוזאַמענלעבן און צוזאַמענאַרבעט. ניין, דאָס איז ניט מער ווי אַן איינרעדעניש. דאָס יידישע פאָלק וועט גיין זיין וועג און דאָס פּוילישע וועט פאַרבלייבן אין רוסישער קנעכטשאַפט, וועט דינען די אינטערעסן פון רוסישן מאַרקסיזם און פּאָגראָמיזם. פוילן איז יידנריין און וועט אויף שטענדיק פאַרבלייבן אָן יידן...

עס וואָלט געלוינט צו רעדן דאָ וועגן דער רוסיש־פּוילישער פריינדשאַפט און וועגן דער צוקונפט פון דער רוסישער אימפּעריע. די רוסישע עקספּאַנסיע און די גרויסקייט פון דער קאָלאָסאַלער רוסישער אימפּעריע איז געוואַקסן הונדערטער יאָרן אויפן חשבון פון אירע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן. אַזוי ווי דאָס רוסישע יידנטום האָט פּוילן געליטן הונדערטער יאָרן פון דעם רוסישן אימפּעריאַליזם, און דעם ווייטערן דראַנג צו עקספּאַנסיע. דער רוסישער אימפּעריאַליזם איז אַ געשווירענער שונא פון די פרעמדע מינדערהייטן, אָבער פּוילן קעמפט ניט פאַר זיין באַפרייאונג, נאָר פאַרקערט, דינט דער רוסישער הערשאַפט; פּוילן איז רוסיפיצירט. מיר זענען עדות פון דעם מערקווערדיקן פּראָצעס פון פּולשטענדיקער דעגראַדאַציע און געפאַלנקייט. עס פּראָטעסטירן די טאַטאַרן פון דער קרים, עס פּראָטעסטירן די באַלטישע אָקופּירטע פּראָווינצן, עס פּראָטעסטירט די אוקראַינע און די אַנדערע ניט־רוסישע אונטערדריקטע נאַציאָנאַליטעטן, נאָר פּוילן איז אַ מיטהעלפער און אַ מיטאַרבעטער מיט דער מאָדערנער מאָסקווער „מאַרקסיסטישער“ סאַמאָדיערזשאַוויע.

דער פּראָצעס פון דעם צוזאַמענברוך פון דער רוסישער אימפּעריע איז איצט אין פּולן גאַנג. דאָס וואָס איז געשען וועט געשען. ווען דער יום־הדין וועט קומען פאַר סאָוויעט־רוסלאַנד, וועט עס זיין אויך דער יום־הדין פאַר פּוילן און פאַר אַלץ וואָס איז געשען אויף דער פּוילישער ערד.

פאַר אונדז איז די דראַמע פון דעם פּוילישן יידנטום פאַרענדיקט, אָבער זי איז ניט פאַרענדיקט פאַר דער געשיכטע פון פּוילן. די געשיכטע פירט איר אייגענעם חשבון און קיין פאַרברעכן ווערט דאָ ניט פאַרשוויגן. די פאַרניכטונג פונעם טויזנט־יאָריקן יידישן ישוב, מיט דער הילף און אָן דער הילף פון די דייטשן און רוסן, געהערט צו די גרעסטע פאַרברעכנס וואָס אַ פאָלק קאָן באַגיין בנוגע צו אַן אַנדער פאָלק. די געשיכטע וועט זיך אַליין אָפּרעכענען מיט די פאַרברעכערס...

# אַלאַרם פון דרום־אַמעריקע

מיר האָבן אין זינען די יידישע קאַטאַסטראָפע אין אַרגענטינע, דאָס גרויסע לאַנד ווו אַ גרויסער יידישער ישוב איז אויפגעבויט געוואָרן מיט שווערער מי און שווערע קרבנות. לויט די ווײַ־געשרייען פון בוענאָס־איירעס האַלט דער ישוב ביים אונטערגיין. די יידישע שולעס ווערן אויסגעליידיקט פון דער יוגנט; אַנשטאָט יידיש און העברעאיש גייט די יוגנט אַוועק לערנען זיך ס׳רוב שפּאַניש, יידישע צייטונגען און זשורנאַלן ווערן געשלאָסן, יידישקייט איז פאַרשוווּנדן. עס הערשט אַ פּאַניק...

די פון אונדז וואָס געדענקען די אַלטע געשיכטע מיט דעם קאַמף קעגן די „אומריינע יידן" און זייערע מעשים, שמוציקע און אומווערדיקע, די פון אונדז וואָס געדענקען זייער גוט דעם אָנהייב פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע און די פאַרביטערטע קאַמפּאַניע קעגן דער ייק"א־אַדמיניסטראַציע, וועלכע איז באַשטאַנען ס׳רוב פון עלזאַסער יידן און האָט ניט געקאָנט אָדער ניט געוואָלט געפינען אַ געמיינזאַמע שפּראַך מיט די פון רוסלאַנד איינגעוואַנדערטע קאָלאָניסטן, האָבן שפּעטער געהאַט די סאַטיספאַקציע צו זען דעם ישוב צעוואַקסן זיך אין דער לענג און אין דער ברייט.

דער שרייבער פון די שורות האָט געקענט און איז געווען באַפריינדעט מיט ביידע שאַרפסטע קריטיקער פון דער ייק"א־אַדמיניסטראַציע אין אַרגענטינע, נאָמבערג און כאַזאַנאָוויטש, ווען זיי האָבן באַזוכט די קאָלאָניעס און געוועקט די אויפמערקזאַמקייט

פון דער גאַנצער יידישער עפנטלעכקייט צו די קאָנפליקטן צווישן די קאָלאָניעס און דער ייק"א־אַדמיניסטראַציע. וואָלטן זיי געלעבט, וואָלטן זיי דערלעבט די אויסערגעוויינטלעך־רייכע און אינטע־רעסאַנטע אַנטוויקלונג פון דעם ישוב. וואָלטן זיי אָבער געלעבט ביז צו די היינטיקע צייטן מיט דער „אויסיידישונג" פון דעם ישוב וואָלטן זיי געוועזן ניט אַנטוישט, נאָר פאַרצווייפלט פון דעם צוזאַ־מענבררוך פון אַזוי פיל האָפענונגען.

ווי האָט דאָס אַלץ געקאָנט געשען? האָט מען דען ניט פאַר־אויסגעזען מיט יאָרן צוריק, אַז דער אומגעלומפּערטער קאַמף קעגן יידיש אין נאָמען פון העבראַאיזירונג וועט פירן צו דעם צוזאַמענ־ברוך, צו דעם צוזאַמענברוך פון ביידע שפּראַכן און דערציאונגס־מעטאָדן? האָבן מיר דען ניט די דערפאַרונג פון אַנדערע לענדער אין פאַרלויף פון הונדערטער יאָרן? איז דען טאַקע אונדזער איי־גענע וועלט אַ הפקר, וווּ יעדער פאַנאַטיקער, אָפט פּשוט אַן איגנאָ־ראַנט און אומוויסנדער באַאַמטער פון דער ציוניסטישער מאַשין קאָן זיך דערלויבן צו פּראַקטיצירן אַ מלחמה קעגן דער שפּראַך פון מיליאָנען יידן?

דער קאַמף קעגן יידיש האָט שטענדיק געפירט צו אַ מין צוואַנג־אַסימילאַציע, אָבער צולעצט האָט עס געבראַכט ניט קיין אַסימילאַציע, נאָר אַ פאַרקריפּלטן גייסטיקן צושטאַנד, „ניט אַהער און ניט אַהין". ס'איז געקומען ניט נאָר דערפאַר ווייל צו אַסימי־לאַציע דאַרף מען האָבן ווי צו אַ שידוך דעם הסכם פון ביידע צדדים, נאָר ווייל מען האָט דאָ צו טון מיט צוויי פאַרשידענע קול־טור־וועלטן, מיט מערערע פאַרשידענע געשיכטלעכע אַנטוויקלונגען.

דער קאַמף קעגן יידיש האָט ווייניק געהאָלפן דעם העבראַ־איזם און צו דער אויסוואַנדערונג קיין ישראל, ווו אַ דראַמע שפּילט זיך אָפּ אויך צווישן די איינגעוואַנדערטע פון סאָוויעט־רוסלאַנד. „קומט אַלע!", האָט מען פּראָקלאַמירט אין מדינת ישראל, קומט אַלע און מיר וועלן פאַר אַלע געפינען וווינונגען און אַרבעט. אָבער אויסוואַנדערונג און איינוואַנדערונג זענען שווערע פּראָצעסן. מען פאַרשווייגט די שוועריקייטן און קאָנפליקטן, ווי מען פאַרשווייגט

די אויסוואַנדערונג פון די ערשט־איינגעוואַנדערטע. דאָס אַריבער־גיין פון רוסיש אויף העברעאיש, ספּעציעל ווען דאָס טראָגט דעם כאַראַקטער פון אַ צוואַנג, קאָן פירן און פירט צו זייער ערנסטע קאָנפליקטן. לענדער, ווי למשל, קאַנאַדע, וואָס האָבן פּלאַץ און אַלערליי מיטלען אויף איינאָרדענען איינוואַנדערער לאָזן זיי פריי צופּאַסן זיך צו די נייע לעבנס־באַדינגונגען. און אפילו דאָ קאָנען ניט אַלע ניי־געקומענע זיך איינאָרדענען און פאַרלאָזן אָפט דאָס לאַנד.

זייער גרויס איז די יידישע וועלט און זייער קליין איז מדינת ישראל. אַ לאַנגזאַמע קאָלאָניזאַציע מיט לאָזן די עולים זיך צו־פּאַסן און איינלעבן זיך איז זיכערער ווי דאָס בויען אויף זאַמד און אויף עטלעכע מעכאַניש אויסגעלערנטע העברעאישע פסוקים. די אויסניכטערונג פון דער איינרעדעניש, וואָס ווערט ביז איצט פּראַקטיצירט, וועט סיי ווי סיי קומען פריער אָדער שפּעטער און וואָס שפּעטער זי וועט קומען אַלץ שווערער וועט זיין דער פּראָצעס. דוכט זיך, אַז די אויסניכטערונג אין ישראל האָט זיך שוין אָנגע־הויבן נאָך דער לעצטער מלחמה הגם אַ מינדערהייט פון עקשנים גייט אָן מיט דער פּראָפּאַגאַנדע און וויל באַווייזן, אַז מען דאַרף נאָר וועלן און ריזיקירן. קאָלאָניזאַציע, בפרט נאָך אונטער די היינ־טיקע אומשטענדן, איז אַ קאָמפּליצירטער פּראָצעס. דער דערפּאָלג, איך וואָלט געזאָגט, די עקסיסטענץ פון דער יונגער מלוכה איז אָפּהענגיק פון דעם ווילשטאַנד פון די יידישע ישובים אין דער גאָרער וועלט. דאָס צעשטערן אַזאַ ישוב ווי די יידן האָבן אויפ־געבויט אין אַרגענטינע קאָן ווערן אַן אומגליק אי פאַר דעם ישוב, אי פאַר ישראל .

חוץ אַלעם דאַרף מען דאָך רעכענען זיך מיט דער עקאָנאָ־מישער און פּאָליטישער לאַגע פון דרום־אַמעריקע. עס איז דאָ ניט אייראָפּע און ניט אַמעריקע. די אַראַבישע אויסוואַנדערונג אין די דרום־אַמעריקאַנער לענדער איז ביסלעכווייז געוואָרן אַן ערנס־טער פּראָבלעם פאַר די יידישע ישובים. פאַר די אַראַבישע איינ־וואַנדערער איז די פּאָליטישע אַטמאָספערע אין די דרום־אַמערי־

קאַנער לענדער גינסטיקער ווי פאַר יידן. זיי געפינען דאָ אויך גענוג דייטשן וואָס האָבן מיטגעמאַכט דעם היטלער־רעזשים און זענען אַנטלאָפן אַהער.

פאַר די ביידע גרופן, די אַראַבער און די געוועזענע נאַציס, זענען די דרום־אַמעריקאַנער „רעוואָלוציעס" און „קאָנטר־רעוואָלוציעס" אַ גן־עדן. זיי האָבן דאָס פריער קיין מאָל ניט געזען. דאָ האָבן זיי דאָס אומזיסט און זענען געווינטשטע מיטאַרבעטער. די יידישע ישובים דאַרפן האָבן סטאַביליטעט און פאַרבלייבן יידיש, פאַרבונדן מיט דעם גרויסן יידישן כלל. דעמאָלט האָבן זיי אַ ווערט אויך פאַר דעם בויען פון דער יידישער מדינה. אפילו אין ישראל גופא האָט זיך, יעדנפאַלס אויף דעם געביט פון שפּראַך, אָנגעהויבן די אויסניכטערונג. יידישע קולטור אין אונדזער יידיש צעבליט זיך אויף אַ גאַנץ נאַטירלעכן אופן. דאָס יידנטום קאָן אויסהאַלטן צו זיין צוויי־שפּראַכיק.

# אַמעריקאַניזם און רוסיפיקאַציע

די צוויי גרויסע רייזעס פון פרעזידענט ניקסאָן, קיין פעקין און קיין מאָסקווע, פאַרטראַכט און אָרגאַניזירט פון די אַמעריקאַנער, דאַרפן אַרויסרופן אַ געוואַלדיק דערשטוינען ניט נאָר מיט דעם קוראַזש און מיט דער מעטאָדישקייט און עפעקטיווער זאַכלעכקייט פון דעם אַמעריקאַנער רעגירונגס־אַפּאַראַט. עס איז אַ סך מער אין דעם אונטערנעמען, וואָס אינספּירירט אַריינצוטראַכטן זיך אין דעם וואָס עס שפּילט זיך אָפּ דערביי, אומאָפּהענגיק פון די רעזולטאַטן. צום ערשטן מאָל ווערט אַמעריקאַניזם דעמאָנסטרירט אין אַ ריינער פאָרעם און לאָזט זיך זען פולשטענדיק קלאָר.

ווען מען האָט אין אָנהייב פון דער ערשטער וועלט־מלחמה געזאָגט ווילהעלם דעם צווייטן, אַז אַמעריקע וועט שיקן קיין פראַנקרייך אַ גרויסע אַרמיי, האָט דער נאַרישער בלאָפער זיך צעלאַכט און געענטפערט, אַז דאָס איז פשוט אַ נאָנסענס.

אַ צווייטער פילאָסאָף, אַ פאַראַנאָיע־קראַנקער מאַן, גענעראַל דע־גאָל, וועלכער איז אַ דאַנק מאַרשאַל פעטען און אַ גוט־האַרציקן ציווילן פרעמיער־מיניסטער פלוצלינג געוואָרן אַ פּאָליטיקער, האָט אין זיין מעגאַלאָמאַניע באַשלאָסן, אַז ער איז באַרופן צו ברעכן די מאַכט פון אַמעריקע און אַמעריקאַניזם. היינט פאַרזוכט מען שוין עטלעכע יאָר אין פראַנקרייך גוט מאַכן דאָס וואָס דער פראַנצייזישער פּאַטריאָט האָט אָנגעטאָן, ווייל ווילהעלמס מיטל, אַנטלויפן ווי אַ פּחדן פונעם שלאַכטפעלד, האָט מען ניט געקאָנט באַנוצן.

דער גאַנצער אַמעריקאַנער פּאָליטישער צוויי־פּאַרטייען־סיסטעם איז אַזוי פאַרשידן פון די אייראָפּעאישע פּאָליטישע גרופּירונגען — קאָמוניסטן, סאָציאַליסטן, גאָשיסטן, פּראָגרעסיסטן, רעכטע גאָשיסטן, קאָנסערוואַטיווע, שטאָק־קאָנסערוואַטיווע, אַלטע גאָליסטן, יונגע גאָליסטן א. א. וו. — אַז מען דאַרף האָבן אַן עלעקטראָנישן קאָמפּיוטער, כדי צו האָבן אַ קלאָר בילד. איינס איז אָבער קלאָר: אי דער קאָנגרעס, אי דער סענאַט אין וואַשינגטאָן האַלטן אין זייערע הענט דעם שליסל צו דער קאַסע, און יעדער אַמעריקאַנער פּרעזידענט, צי אַ דעמאָקראַט, צי אַ רעפּובליקאַנער, פאַרברענגט אַ סך שלאָפלאָזע נעכט צוליב דעם שליסל. ווילסאָן איז געווען אַ גרויסער פּרעזידענט און שיער ניט דער איניציאַטאָר פון דעם ערשטן פעלקערבונד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, אָבער ווען דער סענאַט אין וואַשינגטאָן האָט געפּסקנט „ניין!" איז געבליבן ניין. אַמעריקע איז ניט געוואָרן קיין מיטגליד פון דער ליגע.

ווען איך שפּאַציר אַרום אין וואַשינגטאָן, די וווּנדער־שיינע שטאָט מיט די ברייטע פּלעצער און גאַסן, האָב איך דעם איינדרוק און דאָס געפיל, אַז דאָס איז די אַלטע רוימישע אימפּעריע ווידער געבוירן, הגם ניט יעדער בירגער פונעם לאַנד פאַרלאַנגט כבוד נאָר דערפאַר „ווייל איך בין אַן אַמעריקאַנער", ווי די אַמאָליקע רוימער פלעגן פאָדערן...

עס איז אַן אויסערגעוויינטלעך וויכטיקער פּאָסטן צו זיין דער פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, אָבער דער פּרעזידענט איז ניט קיין גאָט. דאָס בוך וואָס גייט אַרויס די טעג אין אַמעריקע און אין ענגלאַנד וועגן דעם אינטימען לעבן פון די רוזוועלטס, גלענצנד געשריבן און דאָקומענטירט, איז שפּאַנענד ווי אַ ראָמאַן פון דאָסטאָיעווסקי, אָבער אַן פּאָליטישער בלאָפעריי. מען האָט דעם איינדרוק, אַז די גרעסטע צאָל אַנעקדאָטן און געפּעפּערטע גלייכווערטלעך וואָס גייען אַרום אין לאַנד, זענען געווידמעט דעם „וויסן הויז" און דעם פּרעזידענט. גראַדע אין וואַשינגטאָן האָט מען מיר דערציילט דעם וויץ, פאַרוואָס האָט פּרעזידענט טרומאַן אָפיציעל אום האַלבע נאַכט דערקלערט אַמעריקעס אנערקענונג

פון מדינת ישראל. טרומאַן, אַזוי דערציילט מען, זאָל האָבן גע־ענטפערט ווען מען האָט אים געפרעגט:

— איך האָב געוואָלט, אַז די באַאַמטע פונעם סטייט־דעפּאַר־טאַמענט זאָלן באַקומען די נייעס אין דער פרי פון די צייטונגען. פאַרוואָס? ווייל אַ העלפט פון די באַאַמטע זענען אַנטיסעמיטן און די צווייטע העלפט איז פּראָ־אַראַביש...

ס׳איז בייזוויליק, אָבער ניט שלעכט.

די באַפעלקערונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן איז ניט נאָר אַ פאַרשידנאַרטיקע, נאָר אויך אַ מולטינאַציאָנאַלע. עס וווינען דאָ מער פראַנצויזן, ווי עס זענען דאָ פראַנצויזן אין קוועבעק, מער אירלענדער ווי עס זענען דאָ אין אירלאַנד, קנאַפּע זעקס מיליאָן יידן, גרויסע מאַסן איטאַליענער, סקאַנדינאַוון, דייטשן, אַלץ פעל־קער מיט אַלטע און אויסגעשפּראָכענע נאַציאָנאַלע קולטורן, אַק־טיווע, שאַפנדע קולטורן און נאַציאָנאַלע אינטערעסן, ניט רעדן שוין פון ווייסע, שוואַרצע און האַלב־טונקעלע. און אַלע צוזאַמען זענען גרינטלעכע און סטאַבילע עלעמענטן פון „אַמעריקאַניזם״, כאָטש דאָס וואָרט ווערט גאָר קיין מאָל ניט באַנוצט. דאָס וואָרט וואָס זאָל קאָנען דעקן דעם באַגריף פון אַמעריקאַניזם און אַלע זיינע אַספּעקטן האָט מען נאָך ניט געפונען. עס איז אָבער דאָ, די לופט פון גאַנץ אַמעריקע איז פול מיט דעם באַוווסטזיין, אַז ס׳איז דאָ, עס פולסירט, עס אינספּירירט און אַקטיוויזירט איבער צוויי הונדערט מיליאָן מענטשן. און יעדער פון אונדז איז פאַר־כאַפּט פון זייער גאַנג.

גראַדע די טעג ווען די שורות ווערן געשריבן ווערט געמאָלדן וועגן מאַסן־אַרעסטן אין דער אוקראַינע, פון קיעוו ביז כאַרקאָוו. גראַדע די טעג דערטראָגן זיך קולות פון ליטע און פון דער קאַ־טוילישער קירכע דאָרט. און צום אָנקומען פון פרעזידענט ניקסאָן אין מאָסקווע גייען אָן מיט אַ שטאַרקערן טעמפּאָ די אַרעסטן צווישן יידן. „גראַדע די טעג״! — די ווערטער קלינגען ממש קאָמיש, אַזוי האָט מען זיך צוגעווינט צו זיי. אומעטום — מען אַרעסטירט.

דאָס אַלץ געהערט ניט, ווי מען מיינט, צו ספּעציעלע עקס־צעסן פון דער ק.ג.ב. צו דער געוויינטלעכער פּראַקטיק פון דער „אָכראַנע״, צו דער נאָרמאַלער „אַרבעט״ פון דער פּאָליציי. דאָס האָט צו טאָן מיט דער עקסיסטענץ פון דעם רעזשים, פּונקט אַזוי ווי פּאַר דעם יאָר 1917 האָט די „אָכראַנע״ פון דעם אַלטן רעזשים געהאַט צו טאָן, — ניט אין אַזאַ פּערפּעקטער, בעסטיאַלישער פּאַ־רעם ווי היינט, מיט דער עקסיסטענץ פון דער מאָנאַרכיע. דאָס ווערט ניט געזאָגט צוליב פּראָפּאַגאַנדע, כדי צו ברענגען שאָדן דעם היינטיקן נאַצי־קאָמוניסטישן רעזשים. עס איז פּונקט דאָס פאַרקערטע פון דעם אַמעריקאַנישן רעזשים. ווער וועט אין אַמע־ריקע אָנהייבן רעדן וועגן פאַרוואַנדלען די אוקראַאינער אָדער פראַנ־צויזן אָדער יידן אין „אַמעריקאַנער״, אין „ריינע אַמעריקאַנער״, און אויפצווינגען די סקאַנדינאַווער „אַמעריקאַנער קולטור״. דאָס וואָס אין מאָסקווע וויל מען אויפצווינגען יידן אָדער אוקראַאינער אָדער הונדערט אַנדערע אויסגעשפּראָכענע נאַציאָנאַליטעטן רו־סישע קולטור איז פּאַר אַן אמתן „אַמעריקאַנער״ אַ דזשאָוק, אַ וויץ. אָבער פאַר איוואַן איוואַנאָוויטש איז דאָס דער קערן פון דער פּאָליטישער דראַמע, וואָס איז געוואָרן אַן אינטערנאַציאָנאַלע דראַמע.

איך באַטראַכט דאָס פאָטאָגראַפישע בילד פון מאַרשאַל גרעטש־קאָ. אָנגעטאָן אין זיין מאַרשאַל־אוניפאָרם און אין דער אייגענער צייט דערמאָן איך זיך דאָס בילד פון מיין פעטער אָשר מניקאָ־לאַיעוו, דעם מיטגרינדער פון ליובאַוויטשער חסידיזם, און איך פרעג זיך, ווי איז עס מעגלעך, אַז אימעצער זאָל קאָנען מיינען אויף אַ מינוט, אַז די מאָרדע פונעם מאַרשאַל זאָל גובר זיין דאָס פּנים פון מיין פעטער וועלכן איך האָב געטראָפן מיט 70 יאָר צוריק. איך האָב געקענט פערזענלעך דעם ראַדזינער רבי, דעם גערער רבי אין וואַרשע בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה. איך האָב געטראָפן יידישע פּנימער אין אַלע עקן וועלט און איך קאָן שווערן, אַז קיינס פון זיי וועט זיך ניט לאָזן רוסיפיצירן. רוסיפי־קאַציע איז די גרונד־אידעאָלאָגיע פון רוסלאַנד.

עס איז ניט וויכטיק ווי גוט אָדער ניט־גוט וועט דורכגע־ פירט ווערן די קאָנפערענץ אין מאָסקווע. עס איז קלאָר, אַזביידע צדדים ווילן אויסמיידן אַ מלחמה, אַז ביידע געדענקען דעם שרעקלעכן חורבן פון די צוויי וועלט־מלחמות און ביידע וויסן, אַז מען מוז זיך איין מאָל פאַר אַלע מאָל פאַרשטענדיקן און אַז אָן קעגנזייטיקע פשרות וועט מען ניט קאָנען זיך פאַרשטענדיקן.

אָבער אין דער אייגענער צייט מוז מען געדענקען, אַז שטענ־ דיק וועט זיין דער אַבסאָלוטער אונטערשיד צווישן די צוויי מלו־ כות, איינע, געבויט אויף אַ נאַטירלעכער פרייהייט, אויף אַ פרייער אַנטוויקלונג, און די צווייטע, געבויט אויף אַן אומבאַדינגטער סוב־ אָרדינאַציע. די אַמאָליקע רוסישע סלאַוואָפילן האָבן ראָמאַנטיזירט די רוסישע גרויסמאַכט, פאַרפוצט און געצערטלט די גרויסמו־ טיקייט פון דעם „עלטערן ברודער״ צו די יונגע, ערשט־באַפרייטע באַלקאַנישע פעלקער, אָבער דער נייער רעזשים האָט אַראָפּגענומען פון זיך די מאַסקע. אין בודאַפּעשט און צולעצט אין פּראַג האָט מען דערזען וואָס פּאַן־סלאַוויזם מיינט. אַלעקסאַנדער הערצען און טורגעניעוו זענען אַנטלאָפן אין אויסלאַנד פון דעם גן־עדן. הער־ צען האָט מיט אייגענעם געלט געשטיצט דעם פוילישן אויפשטאַנד פון 1863 קעגן רוסלאַנד.

דער אונטערשיד צווישן די צוויי לענדער און פעלקער וועט קיין מאָל זיך ניט ענדערן .פאַרקערט, דער אונטערשיד מוז ווערן וואָס ווייטער אַלץ גרעסער. אַמעריקאַניזם ווערט אויף אַ נאַטיר־ לעכן אופן אַלץ פאָלקסטימלעכער, ווייל אַלע קולטורן דאָ ווערן אַלץ פאָלקסטימלעכער און די רוסישע פּאָליטיק איז געצוווּנגען צו ווערן אַלץ מער אַזיאַטיש, ווייל אין יעדן ווינקל פונעם לאַנד איז דאָ אַ ווולקאַן אפילו ניט קיין פאַרבאָרגענער ווולקאַן.

עס זענען דאָ ניט קיין סך רוסן וואָס באַנעמען דעם זין פון דער דראַמע. דער נייער רעזשים האָט פאַרטיפט די דראַמע. דאָס־ טאָיעווסקי האָט פאַרבראַכט פיר יאָר אויף קאַטאָרגע נאָר פאַר געהערן צו אַ קרייז פון רעוואָלוציאָנערן, דער היינטיקער רעזשים האַלט מענטשן אין משוגעים־הייזער צענדלינגער יאָרן, ווייל זיי זענען

ניט מסכים מיט מאַרקסיזם־לעניניזם, פאַרשענערט מיט סטאַליניזם. מען צאַצקעט זיך מיט דעם באַלעט און מיט דער אָפּערא, אָבער ווער פון די קינסטלערס קאָן אַנטלויפן קיין אויסלאַנד און ווער פון די שרייבערס קאָן אַנטלויפן טוט עס. די וויסנשאַפטסלייט זע־נען צווישן די בעסטע אַנטלויפערס...

מען דאַרף ווינטשן ניקסאָן און ברעזשניעוו דעם גרעסטן דערפאָלג, אָבער מען דאַרף זיך ניט נאַרן און פאַרגעסן אויף וואָסער אַ וועלט מיר לעבן...

# דאָס אַלטע עסטרייך און דאָס נייע

עס וואָלט געווען ריכטיקער אָנצורופן דעם אַרטיקל מיט דעם נאָמען „פון ד״ר רענער ביז ד״ר קרייסקי״, אויב עסטרייך, דאָס אַלטע אַנטיסעמיטישע עסטרייך, וואָלט ניט געווען אַן אַלטע אַנטי־סעמיטישע קרענק מיט דעם אַמאָליקן ווינער אָבערבירגערמייסטער פון ווין ליגער אין דער שפּיץ. עס איז אַמאָל געווען אַן אָנגענו־מענער כלל, אַז אַנטיסעמיטישע פּראָפּאַגאַנדע, שמד און דאָס גאַנ־צע קלאָפּערגעצייג פון דעם שמוץ גייען צוזאַמען מיט דער פיי־נער ווינער מוזיק, ווינער עלעגאַנטע פּרויען און אַלערליי ווינער דעליקאַטעסן אין דער הויפּטשטאָט פון דער קייזערלעך־קעניג־לעכער „אַפּאָסטאָלישער״ טאָפּלמאָנאַרכיע.

פון נאַפּאָלעאָנס צייטן און דעם ווינער קאָנגרעס (1815) ביז צו דער רעוואָלוציע פון 1848, ווען דער אמתער הערשער פון איי־ראָפּע מעטערניך האָט געמוזט אַנטלויפן פון ווין אין אַ קאַרעטע מיט פאַרהאַנגענע פענצטערס, איז דאָ געווען אַ צענטער פון אַ טיף־איינגעוואָרצלטער פינצטערער רעאַקציע. עס איז אָבער גע־קומען אַ סוף צו דעם מיטן סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה ווען פון דער טאָפּלמאָנאַרכיע איז געבליבן דאָס קליינע, גאָר קליינטשקע עסטרייכישע קריפּל. אונגאַרן איז אַוועק, בעמען איז אַוועק און ס׳איז געגרינדעט געוואָרן די טשעכאָסלאָוואַקישע רע־פּובליק...

אין 1918, באַלד נאָך דער שלום־קאָנפערענץ אין ווערסאַיל, האָט דער שרייבער פון די שורות געהאַט אַ געלעגנהייט צו טרעפן

אין ווין דעם ערשטן סאָציאַליסטישן קאַנצלער אין דעם אָפּגערי־סענעם עסטרייך ד״ר רענער. ד״ר רענער איז געווען צו יענער צייט אַ באַגאַבטער סאָציאַליסטישער שרייבער, אַ טעאָרעטיקער פון סאָציאַליזם, ניט קיין ייד, אַ גרויסער געזונטער מענטש. ער האָט מיך אויפגענומען אַלס פּאַרטרעטער פון אַ גרויסער דענישער צייטונג אין קאָפּענהאַגען אין אַן אַלטן פּראַכטפולן פּאַלאַץ, מסתמא דער געווייינטלעכער אויפנאַמע־פּלאַץ פון די קאַנצלערס. דער שמועס מיט ד״ר רענער האָט לאַנג געדויערט, אָבער נאָך פינף און פופציק יאָר געדענק איך ניט דעם אינהאַלט. וואָס איך געדענק אָבער גוט און וועל זיכער שטענדיק געדענקען זענען די פּני־מער און קליידער פון די דערשראָקענע דינערס, וואָס זענען געשטאַנען דאָ און דאָרט ווי פּאַראַליזירטע, אמתע יורדים. זיי האָבן געקוקט ווי דער נייער קאַנצלער פירט אַריין צו זיך עפּעס אַ פרעמדן מענטש, ווי עס ווייזט אויס ניט קיין אַמבאַסאַדאָר אָדער אַ פירשט, און האָבן ניט געקאָנט פאַרשטיין וואָס קומט פאָר אויף דער וועלט.

נאָך די ערשטע געשעענישן ביים ווערסאַילער שלום־טראַקטאַט האָט דאָס קליינע לענדעלע קוים געהאַלטן זיך אויף די פיס. שושניג אַלס קאַנצלער און דער קליינער מיזעראַבלער אויך־מיר — אַ קאַנצלער דאָלפוס ביז דער עסטרייכער בראַדיאַגע היטלער איז אַריין. מען האָט דעם דאָלפוס דערשאָסן אין דער קאַנצליי און קיינער האָט זיך ניט געקימערט וועגן דעם קערפּער וואָס האָט זיך געוואַלגערט — דאָס וואָס איז פאַרבליבן פון דער „אַפּאָסטאָלישער" טאָפּלמאָנאַרכיע, האָט קיינעם ניט אינטערעסירט, ס'איז געווען גוט נאָר צום אַרויסוואַרפן...

אַנטיסעמיטיזם, בלוטיקער און ברוטאַלער, האָט אַ סוף געמאַכט צו אַלע חלומות. ווי רויק זענען זיי פאַרשוווּנדן, היטלער איז געווען אַ פּראָדוקט פון עסטרייכישער קולטור. סטעפאַן צווייג, דער גלענצנדער עסטרייכישער שרייבער און אַ גלענצנדע עסטרייכישע פערזענלעכקייט איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד אין דרום־אַמעריקע ווייל דאָס גאַנצע האָט מער קיין זין ניט געהאַט. אין

אַ באַרג פון אַש איז דאָס לענדעלע געווען באַגראָבן. שרייבערס, קינסטלערס, גייסטרייכע אינטעלעקטואַלן האָבן געמוזט אַנטלויפן פון דער בעסטיע פון לינקס. יאָ, דאָס לאַנד לעבט, אָבער וואָס פאַר אַ ווערט האָט אַזאַ לעבן. איך האָב דעמאָלט געטראָפן אין לאָנדאָן אַ פּאָר מאָל סטעפאַן צווייג, אויך ביי אַ טעאַטער־פאָר־שטעלונג דאָרט פון דער ווילנער טרופּע. זיינע שיינע, גרויסע אויגן, זיין בליק קאָן מען קיין מאָל ניט פאַרגעסן. ניין, ער האָט ניט געוואָלט אומקערן זיך קיין עסטרייך, ער האָט זיך גענומען דאָס לעבן...

היינט איז עסטרייך פּלוצלינג געוואָרן אַ סענסאַציע, אַ וועלט־סענסאַציע. דער נייער גענעראַל־סעקרעטאַר פון אָנ"ו, ה' וואַלד־היים, אַן עסטרייכער, און קרייסקי, דער פּרעמיער־מיניסטער פון עסטרייך, דערצו אַ ייד, ציען צו זיך די אויפמערקזאַמקייט, און וואָס פאַר אַן אויפמערקזאַמקייט! לויט די לעצטע דערקלערונגען פון קרייסקי איז קלאָר, אַז ער האָט געגעבן זייער וויכטיקע אינ־פאָרמאַציעס דער פּרעמיער־מיניסטאָרשע פון ישראל. עס איז מער ניט קיין סוד, אַז די אַראַבער האָבן געפּלאַנט אַן אַקציע. אַלע אַראַבישע לענדער זענען פאַרנומען נאָר מיט פּלענער פון נייע בלוטיקע אַקציעס. עס איז ניט שווער צו פאַרשטיין קרייס־קיס פּחדנות פאַר די צוויי אַראַבישע טעראָריסטן. מען קאָן ניט פאַרלאַנגען פון אַ פּחדן, אַז ער זאָל פּלוצלינג ווערן אַ העלד און פירן זיך אנשטענדיק.

דאָס אויפטרעטן פון קיסינגער, וועלכער האָט אַן שום קונצן אַראָפּגעריסן די שלום־מאַסקע פון ברעזשניעוו און אָנגעזאָגט אויך די זייער ערנסטע רעאַקציע פון אַמעריקע, האָט באַוויזן דעם אונ־טערשיד צווישן דעם ייד קרייסקי און דעם ייד קיסינגער: איינער האָט נאָך ניט געלערנט פון די געשעענישן אין זיין צעברעקלטן שטענדיק אַנטיסעמיטישן לאַנד אין פאַרלויף פון די לעצטע פערציק יאָר — עס איז גראָדע געוואָרן פערציק יאָר זינט היטלער איז געוואָרן דער „פירער" פון דייטשלאַנד — און דער אַנדערער האָט פאַרלאָזן צו יענער צייט היטלערס דייטשלאַנד

און איז אויסגעוואַקסן אין אַ פרייעם לאַנד. קרייסקי האָט זיך דער־שראָקן פאַר די צוויי אַראַבער, אָבער קיסינגער האָט זיך ניט דערשראָקן פאַר דעם אָפענעם אַנטיסעמיטישן כוליגאַניזם פון ברעזשניעוו. מען קאָן דאָ גאָר ניט ענדערן. אפשר זענען גערעכט די וואָס האַלטן אַז ס'איז געווען אַ פעלער פון דער מוטיקער פרוי גאָלדע מאיר צו פאָרן קיין ווין און פאַרזוכן צו איבערצייגן קרייסקין, אַז ער האָט געהאַנדלט אומווערדיק.

***

מיר טאָרן ניט פאַרגעסן, אַז היי־יאָר, 1973, איז געוואָרן פערציק יאָר זינט היטלער איז געוואָרן, אין 1933, קאַנצלער פון דייטשלאַנד. פאַרן שרייבער פון די שורות האָט דער יובל אַ אַ ספעציעלן באַטייט. איך האָב זיך געפונען אין בערלין עטלעכע שעה, זייענדיק אויף דער רייזע פון בריסל קיין וואַרשע. דער נאַצי־פּאָגראָם איז שוין אָנגעגאַנגען גאַנץ אָפן. עס זענען שוין געפאַלן אַ סך קרבנות פון דעם נאַצי־טעראָר, צווישן זיי אייסנער, דער יידישער פרעמיער־מיניסטער פון בייערן, ראַטענאַו, דער אויסערן־מיניסטער פון דייטשלאַנד, אויך אַ ייד, ערצבערגער, דער פירער פון דער (קאַ־טוילישער) צענטרום־פּאַרטיי.

איך האָב אויסגענוצט די עטלעכע שעה אויף צו טרעפן יידי־שע קאָלעגן־זשורנאַליסטן אין דעם באַקאַנטן ראָמאַנישן קאַפע. גאַנץ דייטשלאַנד האָט געפיבערט און איז געווען אין אַ צושטאַנד פון אַ גרויסער אַלגעמיינער פּאַניק.

צווישן די אָנוועזנדע קאָלעגן איז אויך געווען דער לאַנג־פאַרשטאָרבענער קלינאָוו, איינער פון די פיינסטע יידישע זשורנאַ־ליסטן מיט אַ גרויסער דערפאַרונג. אויף מיין פראַגע, וואָס קאָן מען דערוואַרטן אין די קומענדיקע טעג, האָט קלינאָוו געענט־פערט:

— איינס איז זיכער, קיין קאַנצלער וועט היטלער ניט זיין...

אין אַ פּאָר שעה אַרום האָב איך פאַרלאָזן בערלין אויפן זועג קיין וואַרשע. דער צוג איז אָנגעקומען קיין וואַרשע אין דער פרי. די שטאָט איז געווען פאַרשאָטן מיט פלוג־בלעטער:

— היטלער געוואָרן קאַנצלער פון דייטשלאַנד!...

עס האָט זיך אָנגעהויבן די עפּאָכע פון היטלעריזם: דער משוגענער גערינג, געבעלס, היטלער, געסטאַפּאָ א. א. וו.

דאָס איז געווען עסטרייכ׳ס מתנה צו דייטשלאַנד, די אמתע מתנה. קיין שום פאַנטאַזיע האָט ניט געקאָנט אויסטראַכטן אַזאַ מין גרימאַסע פון דער געשיכטע...

# די דריטע וועלט־מלחמה?

ווי דראַמאַטיש עס זאָל ניט קלינגען, ווי שטאַרק מען זאָל ניט וועלן אויסמיידן שרעקבילדער, וואָס רופן אַרויס אַ נערוואָזיטעט און אַ פּאַניק, קאָן מען פאָרט ניט פאַרשווייגן דעם פאַקט, אַז די געבויע ידיעות וועגן דער קאָלאָסאַלער פאַרגרעסערונג פון דער סאָוויעט־רוסישער באַוואָפענונג, סיי אין אייראָפּע און סיי אין אַזיע, לאָזן וויסן וועגן אַ רעאַלער און קאָנקרעטער געפאַר פאַר דער גאַנצער וועלט. סײַ די „נאַטאָ" אין אייראָפּע און סיי כינע מיט איר ניט ווייט פון אַ מיליאַרד באַפעלקערונג קאָנען ניט אַנדערש רעאַגירן ווי נאָר אַלאַרמירן און דאָס אויף אַ ספּעקטאַקולערן אופן.

די באַוואָפענונג פון סאָוויעט־רוסלאַנד אין דער לופטן און אונטער דעם וואַסער איז צוויי מאָל אַזוי גרויס ווי די באַוואָפענונג פון דער „נאַטאָ" און אויב דאָס האָט צו טאָן מיט דער מעגלעכקייט פון אַ נייער וועלט־מלחמה קאָן מען זיך פאָרשטעלן, אַז די סאָוויעטישע סטראַטעגן האָבן ניט מורא פאַר אַ מלחמה אויף צוויי אָדער אפילו אויף דריי פראָנטן. איז דאָס ניט קלאָר?

אויב עס איז ריכטיק, אַז סאָוויעט־רוסלאַנד האָט אין אייראָפּע הונדערט און צוואַנציק דיוויזיעס, אַריינגערעכנט די אַרמיי פון דעם וואַרשעווער פאַקט, און אין אַזיע, ביי די גרענעצן פון כינע, פיר און פערציק דיוויזיעס, קנאַפּע זעקס טויזנט פלי־מאַשינען — צוויי מאָל אַזוי פיל ווי די „נאַטאָ" האָט — און טויזנטער אַנדערע קריגס־מכשירים, מוז דאָס זיין פאַרבונדן מיט הונדערטער מיליאַרדן פון פערמאַנענטע הוצאות. די מיליטערישע ספּעציאַליסטן ברענגען גע־

נויע אָפּיציעלע ציפערן וואָס פאַרכאַפּן דעם אָטעם נאָר ביים לייענען זיי. גענעראַל באָפר, דער גלענצנדער מיליטערישער קאָמענטאַטאָר פון דער פּאַריזער צייטונג „פיגאַראָ״, ברענגט אַ מאַסע דאַטעס, אָבער ער וויל ניט מאַכן פון זיי אַ סענסאַציע. רעדט ער וועגן די הונדערטער דיוויזיעס און הונדערטער אונטערוואַסער־שיפן, אַזוי ווי ער וואָלט געציילט הונדערטער סיגאַרעטן אָדער שוועבעלעך.

עס קאָן ניט זיין היינט קיין שום צווייפל, אַז ניט צוליב אַרויס־שיקן פון לאַנד דעם שרייבער סאָלזשעניצין און ניט צוליב דער פאַרפאָלגונג פון יידן האָט דער אַמעריקאַנער קאָנגרעס זיך אָפּ־געזאָגט צו געבן דעם האַנדל מיט רוסלאַנד ספּעציעלע קאָמערציע־לע פּריווילעגיעס און די אַמעריקאַנער עקספּאָרט־באַנק האָט אָפּגע־זאָגט צו געבן רוסלאַנד קרעדיטן. מיט רעכט אָדער אומרעכט איז אַרויסגערופן דער פאַרדאַכט, אַז אַלע גראַנדיעזע פּלענער פון סאָ־וויעט־רוסלאַנד זענען פאַרבונדן מיט די מיליטערישע פּלענער פון דער סאָוויעט־רעגירונג. די סאָוויעטישע פּרעסע מאַכט אַן אָנשטעל, אַז זי פילט זיך געטראָפן פון דעם אַנטי־סאָוויעטיזם פון דער מערב־אייראָפּעאישער פּרעסע. דאָס איז אָבער נאָר אַן אָנשטעל.

די אמת׳ע סענסאַציע באַשטייט אין דעם וואָס גראַדע די לעצטע פאָר יאָר זענען געפירט אינטענסיווע פאַרהאַנדלונגען וועגן פאַר־קלענערן די באַוואָפענונג און די אַרמייען, וועגן פּראָקלאַמירן, אַזוי צו זאָגן, אַן אַלגעמיינע דעמאָביליזאַציע און אויפהערן צו רעדן וועגן דער מעגלעכקייט פון אַ נייער וועלט־מלחמה. אַלע פאַראינטערע־סירטע צדדים וייסן וואָס מיינט היינט דער מיליטערישער „פּראָ־גרעס״, וואָס פאַר אַ קאַטאַסטראָפע פאַר דער גאַנצער וועלט וואָלט היינט באַטייט אַ מלחמה מיט די מאָדערנע וואָפן און די הענט פון די אַרמייען; וואָס זשע, דאַרף מען זיך פרעגן, איז דאָס אַ קעגנ־זייטיקע אָפּנאַרעריי דאָס אומענדלעכע פאַרהאַנדלען אין העלסינקי, אין ווין, אין זשענעווע, אָדער אַ פּראָוואָקאַציע פון איין זייט און אַ נאָכגעבן פון דער אַנדערער זייט?

די דעמיליטאַריזאַציע־קאָנפערענץ אין זשענעווע האָט שוין גע־האַט מער ווי פינף הונדערט זיצונגען, אָבער קיין זאַך איז ניט

געשען. דאָס איינציקע וואָס מען ווייסט איז די אומגעהייערע פאַר־גרעסערונג פון דער באַוואָפענונג...

היי־יאָר, 1974, קאָן זיך רוסלאַנד דערמאָנען, אַז אין פאַרלויף פון די לעצטע זיבעציק יאָר האָט זיך דאָס לאַנד באַטייליקט אין דריי גרויסע מלחמות: אין 1904 איז דאָס געווען די מלחמה מיט יאַפּאַן וואָס האָט זיך געענדיקט מיט אַ גרויסער רוסישער מפלה, און שפּעטער, אין ביידע וועלט־מלחמות, האָט די רוסישע אַרמיי געהאַט גרויסע שותפים וועלכע האָבן זי גערעטעוועט. אין דער צווייטער וועלט־מלחמה זענען די דייטשן געווען שוין ביי דער וואָלגאַ, צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון רוסלאַנד. איצט אויב עס וועט קומען צו אַ נייער וועלט־מלחמה וועט רוסלאַנד האָבן קעגן זיך אירע געוועזענע פאַרבינדעטע און ס'איז ניט אויסגעשלאָסן, אַז דאָס וועט זיין דער סוף פון דער רוסישער אימפּעריע. דער פאַר־נעם פון רוסלאַנדס באַוואָפענונג טראָגט בפירוש דעם כאַראַקטער פון אַ ריזיקאַלישער אַוואַנטורע, אָבער די הערשער פונעם קרעמל מאַכן זייער חשבון און געפינען, אַז עס לוינט צו ריזיקירן. עס איז דעריבער שווער צו פאַרשטיין דעם קומענדיקן באַזוך אין מאָס־קווע, צו ערשט פון העברי קיסינגער און נאָך דעם פון פּרעזידענט ניקסאָן. די אַזוי־גערופענע קאָנגרעס־דעלעגאַציעס „אויף צו פעסט־שטעלן די קאָנקרעטע פאַקטן" פון דער היינטיקער פּאָליטישער לאַגע אין אייראָפּע האָבן שוין גענוג מאַטעריאַל אויף אָפּצושאַצן די אמת'ע ווירקלעכקייט און די אמת'ע כוונות פון דער סאָוויעטישער פּאָליטיק. דער קאָנגרעס פאַרשט שטילערהייט די פאַקטן און מאַכט ניט קיין סענסאַציאָנעלע אַנטדעקונגען, אָבער דער באַשלוס פונעם קאָנגרעס וועגן ניט געבן רוסלאַנד קיין קאָמערציעלע פּריווילעגיעס און ניט געבן רוסלאַנד קיין שום קרעדיטן איז אַ גענוגנדיקער באַוויז, אַז דער קאָנגרעס האָט אַ באַשטימטע מיינונג וועגן די פּראָבלעמען. די אַמעריקאַנער באַזוכן אין מאָסקווע קאָנען ניט אונטער די אומ־שטענדן באַדייטן זייער פיל.

העברי קיסינגער האָט ביז איצט באַוויזן, אַז ער אָריענטירט זיך זייער גוט אין די קאָנפליקטן, וואָס זענען זייער קאָמפּליצירט אַ

דאַנק די ניט־באַקאַנטע פּלענער פון מאָסקווע. פאַרבינדן די סאָ־
וויעטישע פּלענער און די רעאַקציע פון סענאַטאָר דזשאַקסאָן נאָר
מיט דער פרייער אויסוואַנדערונג פון רוסישע יידן איז אַבסאָלוט
פאַלש. עס האַנדלט זיך וועגן דעם גאַנצן רעזשים אין רוסלאַנד און
וועגן דער אַלגעמיינער ענדערונג. דער יידישער פּראָבלעם איז
נאָר אַ קליינער טייל פון דעם סאָוויעטישן רעזשים. די פון רוסלאַנד
אַרויסגעטריבענע שרייבערס סאָלזשעניצין און אַנדערע זענען ניט
קיין יידן. דער אַקאַדעמיקער סאַכאַראָוו איז ניט קיין ייד. די גאַנצע
רוסישע אָפּאָזיציע, די אוקראַינער, די באַוועגונג אין די באַלטישע
פּראָווינצן איז ניט פאַרבונדן מיט יידן, די מאַסן פאַרשיקטע אין
די קאַטאָרזשנע לאַגערן און אין די פּסיכיאַטרישע אַנשטאַלטן זענען
ניט דווקא יידן. עס האַנדלט זיך בכלל ניט אין דעם יידישן פּראָ־
בלעם, נאָר ס'איז פאַרבונדן מיט דעם פּאָליטישן רעזשים פונעם
רוסישן קאָמוניזם. אפילו דאָס פאַרשפּרייטן גראַדע איצט פון דער
שמוציקסטער אַנטיסעמיטישער פּראָפּאַגאַנדע אין רוסלאַנד דאַרף
פאַרשריבן ווערן אויפן חשבון פונעם רעזשים. דאָס איז רוסישער
„סאָציאַליזם", דאָס איז די ירושה פון סטאַליניזם. אפילו אין די
צייטן פונעם אַלטן צאַריסטישן רעזשים איז דער אַנטיסעמיטיזם אין
רוסלאַנד ניט געווען אַזוי כוליגאַניש און מערדעריש ווי ער איז
איצט. דאָס איז אָבער, ווי געזאָגט, אַ סך־הכל פון דער אַלגעמיינער
געפאַלנקייט און ניט נאָר יידן ליידן פון דער געפאַלנקייט, נאָר אַלע
נאַציאָנאַלע מינדערהייטן.

דערפאַר איז עס ניט קלאָר וואָס פאַר אַ זין האָט דער באַזוך
אין מאָסקווע פון פּרעזידענט ניקסאָן און קיסינגער, דער אַרכיטעקט
פון דער נייער פּראָ־רוסישער פּאָליטיק פון די פאַראייניקטע שטאַטן.
די סאָוויעטישע פּרעסע איז פיינדלעך צו אַמעריקע און באַנוצט
יעדע געלעגנהייט אַרויסצווייזן איר פיינדשאַפט. אין בעסטן פאַל
באַטייט דאָס אַז אַ טייל פון דעם קרעמל וויל ניט האָבן קיין „דע־
טאַנט" און גלייבט ניט אין דעם זוכן פון שלום מצד אַמעריקע.

די רייזע פון גראָמיקאָ קיין עגיפּטן און סיריע באַלד נאָך דעם
ווי קיסינגער האָט באַזוכט די צוויי לענדער און די שיסעריי פון

דער סירישער אַרמיי איז ניט קיין פאַרבעסערונג פון דער לאַגע אויף דעם פראָנט.

מען דאַרף אויך נעמען אין באַטראַכט דאָס אויפטרעטן פון ליביע און אַלזשיר און דערצו נאָך פון איראַק, ווו עס גייט אָן יאָרנ־לאַנג דער בירגערקריג מיט די קורדן, וואָס קאָן מאַכן דעם איינ־דרוק פון אַן אָנהייב פון אַ גרויסער מלחמה, דאָס הייסט, פון אַן אויפרייס וואָס פירט דירעקט צו אַ מלחמה מיט דער באַטייליקונג פון עטלעכע גרויסמאַכטן...

די אַלגעמיינע לאַגע איז ערנסט אויף אַלע פראָנטן, אין נאָענטן מזרח און אין ווייטן מזרח פון אַזיע, אין צפון און אין דרום. רעדן וועגן דער ערנסטקייט פון דער לאַגע הייסט ניט אַרויסרופן אַ פּאַניק, אָבער שווייגן און פאַרשווייגן די אַלגעמיינע באַוואָפענונג הייסט אָפּ־נאַרן זיך אַליין און זיין מיטפאַראַנטוואָרטלעך פאַר די גרויסע סכנות וואָס די באַוואָפענונג ברענגט מיט זיך...

# די צוקונפט פון רוסלאַנד

אַלע פּאָליטישע באַוועגונגען אין דער וועלט זענען היינט אין אַ גרעסערער אָדער אין אַ קלענערער מאָס קאָנצענטרירט אַרום דער אַנטוויקלונג פון דעם הערשנדן רעזשים אין רוסלאַנד, פון זיין עקאָנאָמישן און פּאָליטישן צושטאַנד אין די קומענדיקע צוואַנציק אָדער פינף און צוואַנציק יאָר. די רוסישע אימפּעריע האָט זיך צעלייגט פון באַלטישן ים אין איראָפּע ביז צו די יאַפּאַנישע וואַסערן אין אַזיע, פון מורמאַנסק אין צפון ביז דעם מיטלענדישן ים אין דרום. איןביידע ריכטונגען איז דאָ דער נאַטירלעכער דראַנג צו עקספּאַנסיע: אין אינדישן אָקעאַן, אין פּערסישן גאָלף, אין איראָפּע, ווו טשעכאָסלאָוואַקיע איז אָקופּירט.

די באַפעלקערונג פון רוסלאַנד וועט באַלד זיין — נעמענדיק אין באַטראַכט דעם נאַטירלעכן צוווּקס — אַן ערך אַ פערטל פון דער באַפעלקערונג פון כינע.

ניט וויכטיקער איז דער פאַקט, אַז בשעת די באַפעלקערונג פון כינע איז האָמאָגען, דאָס הייסט, ראַסנמעסיק און קולטורעל פון כינעזישן אָפּשטאַם, איז די באַפעלקערונג פון רוסלאַנד אין אַלע טיילן פון לאַנד אַ שטאַרק געמישטע: אוקראַאינע, עסטלאַנד, לעטלאַנד, ליטע, טיילן פון פּוילן, קאַווקאַז, אַזיע — אַלס צוגאָב צו דער רוסישער באַפעלקערונג. דערביי דאַרף מען געדענקען, אַז דער נאָמען קאַווקאַז דעקט צענדליגער פאַרשידענע פעלקער מיט אַ פאַרשידענער נאַציאָנאַלער געשיכטע און קולטור, אָפּט אין גאַנצן פרעמד דער רוסישער געשיכטע און קולטור.

די יידישע באַפעלקערונג פון דער רוסישער מדינה מוז היינט זיין מסתמא דריי מיליאָנען גרויס, דאָס הייסט, זייער קליין און געהערט ניט אָפיציעל צו דער או.ס.ס.ר. (סאָוויעטישער פעדעראַציע), הגם דער גרויסער רוסישער פּראָבלעם ווערט ס'רוב דעבאַטירט אין אויסלאַנד אין פאַרבינדונג מיט דעם פּראָבלעם פונעם רוסישן יידנטום. ווי אינטענסיוו עס זאָל ניט זיין אונדזער אינטערעס אין דעם גורל פונעם רוסישן יידנטום, וועלן מיר פאָרט פאַרזוכן צו באַטראַכטן דעם פּראָבלעם פון דער ווייטערער אַנטוויקלונג פון דער רוסישער מלוכה אומאָפּהענגיק פון דער „יידישער פראַגע".
ווי געזאָגט, רוסלאַנד און די ראַלע וואָס רוסלאַנד שפּילט אין דער וועלט־פּאָליטיק, איז היינט אין צענטער פון אַלע אינטערנאַציאָנאַלע פּראָבלעמען און וועט זיכער נאָך אַ סך יאָרן דאָמינירן די עפנטלעכע מיינונג. ס'איז צווייפלהאַפט, צי די צאָל פון די אויסגעוואַנדערטע יידן פאַרקלענערט די יידישע באַפעלקערונג פונעם לאַנד. דער נאַטירלעכער צוווקס דעקט די אויסוואַנדערונג.
די וואָס אינטערעסירן זיך מיט דעם פּראָבלעם פון אַסימילאַציע פון נאַציאָנאַלע מינדערהייטן מיט דער הערשנדער מערהייט, צי דאָס איז צוואַנג־אַסימילאַציע אָדער פרייע פאַרבינדונג און פרייער קולטור־איינפלוס, ווייסן, אַז אין דערווירקלעכקייט וואַקסט דער נאַציאָנאַלער קערן־עלעמענט מיט דער צייט. דאָס רוסישע יידנטום האָט זיכער גענאָסן פון דער רוסישער בילדונג און דערציאונג, האָט זיך באַטייליקט אין דער רוסישער פּובליציסטיק און ליטעראַטור, האָט אין אַ גרויסער מאָס זיך באַטייליקט אין רוסישער קונסט און מוזיק, אָבער ניט די רדיפות פון ניקאָלאַי דעם ערשטן, וואָס איז דערגאַנגען ביז צום כאַפּן יידישע קינדער און מיט געוואַלד שמדן זיי און שפּעטער, אין אַלעקסאַנדער דעם דריטנס צייטן ביז צו דעגראַדירן יידן אין בירגער אָן גלייכע בירגער־רעכט מיט דער ניט־יידישער באַפעלקערונג האָט ניט געפירט צו אַסימילאַציע.

ניט אַסימילירט האָבן זיך מיט די רוסן די אַרמעניער, די גרוזינער, די פינען און די אַנדערע מינדערהייטן. פאַרקערט, די

נאַציאָנאַלע עלעמענטן אין דער קולטור פון די מינדערהייטן זענען געוואַקסן אין דער לענג און אין דער ברייט. דערפאַר ווייל די רוסישע רעגירונג האָט פאַרשיקט קיין סיביר דעם אוקראַינער דיכטער שעווטשענקאָ האָט די אוקראַינער באַוועגונג פון די „סאַ־מאָסטיניקעס" ניט אויפגעהערט צו וואַקסן. די היינטיקע אַנטי־רוסישע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין דער אוקראַינע איז די גרעסטע געפאַר פאַר דער עקסיסטענץ פון דער רוסישער אימ־פעריע. בשעת דעם פוילישן אויפשטאַנד פון 1864 קעגן רוסלאַנד האָט אַלעקסאַנדער הערצען ניט נאָר מיט וואָרט געשטיצט דעם אויפשטאַנד, נאָר אויך מיט געלט־מיטלען.

אויב די רוסישע אימפעריע וועט זיך צוזאַמענברעכן און פון איר וועט פאַרבלייבן דאָס וואָס איז געבליבן פון דער אַמאָליקער אָטאָמאַנישער אימפעריע אָדער פון דער אַפּאָסטאָלישער קייזערלעך־קעניגלעכער עסטרייכיש־אונגאַרישער טאָפּל־מאָנאַרכיע, וועט דאָס זיין הויפּטזאַכלעך צוליב דעם דרוק אויף די נאַציאָנאַלע מינדער־הייטן און זייער קאַמף פאַר נאַציאָנאַלער אומאָפּהענגיקייט. נאָר אַ רעזשים וואָס וויל ניט זען די רעאַליטעטן ווי זיי זענען קאָן איגנאָרירן דעם פאַקט, אַז גאַנץ רוסלאַנד באַשטייט פון נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, באַהערשט און אונטערדריקט פון מאָסקווע.

**
*

די ענגלישע שפּראַך האָט אַן אויסדרוק: „ווישפול טינקינג", דאָס הייסט, מען זעט רעאַליטעטן אַזוי ווי עס גלוסט זיך, אָדער אַז מען נאַרט זיך אַליין, וויסנדיק, אַז מען נאַרט זיך און פון דעסט־וועגן גלויבט מען אין דער אָפּנאַרעריי. מיר זאָגן דאָס אַנטקעגן דעם, אַז די אונטערדריקטע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן קאָנען אָדער מעגן גלויבן אין דעם, אַז די גרויסע און מעכטיקע אימפעריע גראָבט אונטער אַליין איר עקסיסטענץ. אויב אַזאַ גרויסע מלוכה ווי גרויס־בריטאַניע האָט געקאָנט אויפהערן צו זיין אַ גרויסמאַכט און איז היינט ניט מער ווי אַ „געמיינשאַפט פון פעלקער" — „קאָ־מאָנוועלט אָוו ניישאַנס" — און האָט ניט מער די דעה וואָס זי

האָט געהאַט פריער, פאַרוואָס זאָל מען ניט קאָנען דערוואַרטן, אַז די קאָלאָסאַלע רוסישע אימפעריע וועט אַ שיינעם טאָג איינברעכן זיך און די אונטערדריקטע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן וועלן באַ־פרייט ווערן?

ניט בויענדיק אַ כלל אויף דעם יסוד פון „ווישפול טינקינג", דאָס הייסט, פאָראויסזען אַלס אַ פאַקט עפּעס וואָס מען ווינטשט זיך, מוז מען פאָרט מסכים זיין, אַז די עקספּאַנסיע פון דער רוסי־שער אימפעריע האָט דערגרייכט אַ געפערלעכע גרענעץ. די זאַמ־לונג פון כמעט אַ הונדערט קריגס־שיפן אינעם מיטלענדישן ים, דאָס האַלטן פון אַ ריזיקער אַרמיי ביי דער גרענעץ מיט כינע בשעת די פאָליטישע באַציאונגען צווישן די צוויי גרויסע לענדער זענען איבערגעשפּאַנט, די אָקופּאַציע פון טשעכאָסלאָוואַקיע און די פון רוסלאַנד אויפגעצוווּנגענע שפּאַלטונג פון דייטשלאַנד, ניט רעדנדיק שוין פון דער „אומרו" אין פאַרשידענע טיילן פון לאַנד — דאָס אַלץ גיט גענוג גרונד צו דערוואַרטן קאַטאַסטראָפאַלע גע־שעענישן מיט ערנסטע קאָנסעקווענצן.

סאָוויעט־רוסלאַנד שטייט באַוואָפנט און גרייט צו אַ מלחמה ניט אויף איין פראָנט און ניט אויף צוויי פראָנטן, נאָר אויף מע־רערע פראָנטן. די גרייטקייט פון דער סאָוויעטישער רעגירונג צו אַן ערנסטער „דעטאַנט", צו אַ פאַרשטענדיקונג מיט אירע עווענ־טועלע קעגנערס און אפשר אויך צו וויכטיקע קאָנצעסיעס, מוז זיין דער סך־הכל פון אַן ערנסטן חשבון הנפש. ווען מען דערמאָנט זיך דעם גאַנג פון דער צווייטער וועלט־מלחמה און די קאָאָפּע־ראַציע פון רוסלאַנדס פאַרבינדעטע אידער דער פיינט איז גע־שלאָגן געוואָרן מוז מען קומען צום אויספיר, אַז אונטער די היינ־טיקע אומשטענדן וואָלט אַ גרויסע מלחמה באַטייט אַ פאַטאַלע קאַטאַסטראָפע, אַ קאַטאַסטראָפע פאַרן לאַנד און פאַר די פעלקער פונעם לאַנד.

ווען די ווערטער ווערן געשריבן, ווערן געמאַכט די גרעסטע אָנשטרענגונגען כדי צו דערפירן צו אַ סוף די עגיפּטיש־סירישע

מלחמה קעגן מדינת ישראל. ווי די מלחמה זאָל ניט ליקווידירט ווערן איז זי אַ גרויס אומגליק פאַר דעם קליינעם לאַנד, אַרומ־גערינגלט פון אַ ים שונאים. די צוקונפט פונעם נאָענטן אָריענט, די צוקונפט פון די גרויסע און קליינע אַראַבישע לענדער, איז ניט קיין זיכערע ווייל זייער עקאָנאָמישער צושטאַנד איז אַזוי פאַרשידן און אַ ביטערער קאַמף צווישן „די וואָס האָבן צו פיל" און „די וואָס האָבן זייער ווייניק אָדער האָבן גאָרניט" איז אומ־פאַרמיידלעך. וואָס בעסער עס וועלן קומען צו אַ פאַרשטענדיקונג יידן און די אַראַבער — און אַ פאַרשטענדיקונג צווישן די צוויי צדדים איז אומפאַרמיידלעך פאַר דער עקסיסטענץ פון מדינת ישראל — אַלץ שאַרפער וועט זיין דער קאַמף צווישן די צוויי אַראַבישע צדדים. מיר געפינען זיך דעריבער אין אַ גרויסער סאָציאַלער איבערקערעניש אינעם נאָענטן אָריענט. צי מיר ווילן אָדער ניט, דער אַראַבישער סאָציאַלער קאַמף וועט האָבן אַ דירעקטע שייכות צו די אינטערעסן פון מדינת ישראל.

רוסלאַנדס אַראַבישער פראָנט האָט צו טאָן מיט אַמעריקעס אינטערעסן אין נאָענטן אָריענט און ממילא מיט דער עקאָנאָמי־שער און פאָליטישער אַנטוויקלונג פון מדינת ישראל. פריער אָדער שפּעטער מוז סאָוויעט־רוסלאַנד ליקווידירן איר פראָנט אין נאָ־ענטן אָריענט אָדער פּראָוואָצירן דאָ אַ גרויסע מלחמה. עס איז זייער צווייפלהאַפט צי זי וועט ריזיקירן אַ מלחמה.

# די אומפאַרמײדלעכע מלחמה אין אַזיע

דאָס באַקאַנטע בוך פון האַריסאָן סאַלסבורי „טזע קאמינג וואָר ביטווין ראָשיאַ ענד טשײנאַ" („די קומענדיקע מלחמה צווישן רוסלאַנד און כינע") האָט אין זײן צײט, מיט אַ פינף־זעקס יאָר צוריק, געמאַכט אַ געוואַלדיקן רושם. סאַלסבורי איז יאָרנלאַנג געווען דער מאָסקווער קאָרעספּאָנדענט פון „ניו־יאָרק טײמס", האָט באַזוכט דעם ווײטן מזרח פון אַזיע עטלעכע מאָל און קען גרינטלעך דעם אַלטן, אָנגעוויטיקטן און מיט דינאַמיט געלאָדענעם פּראָבלעם פון די באַציאונגען צווישן די צוויי מעכטיקע לענדער. סאַלסבורי איז אַ גלענצנדער שרײבער און קען די גאַנצע געשיכטע פונעם פּראָבלעם. דאָס איז אפשר דאָס וויכטיקסטע: דער נײער רעזשים האָט ניט נאָר איבערגענומען די פּאָליטיק פון דעם צאַריסטישן רעזשים וואָס זײן הויפּטצוועק איז שטענדיק געווען צו דאָמינירן אין כינע און ווערן די דעצידירנדע מאַכט אין גאַנץ אַזיע, נאָר האָט נאָך „פאַרבעסערט" די רוסישע סטראַטעגיע און טאַקטיקס.

אַזוי ווי דער אַלטער רוסישער רעזשים האָט ניט געענדערט זײן פּאָליטיק אפילו נאָך דער שרעקלעכער רוסישער מפּלה אין דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה, אַזוי האָט דער נײער רעזשים, דער קאָמוניסטישער, ניט געענדערט זײן פּאָליטיק ניט קוקנדיק אויף דעם רענעסאַנס פון דער אַלטער צוזאַמענגעבראָכענער כינע. סטאַלין איז געווען אַ פאַרביסענער שונא פון מאַאָ־טצע־טונג און האָט מיט אַלע מיטלען געשטיצט טשאַנג־קײ־טשעק, דער הערשער פון פאָרמאָזאַ, וועלכער האָט אויסגעהרגעט טויזנטער און טויזנטער כינעזישע קאָמוניסטן.

מען דאַרף זיך איצט ניט וווּנדערן וואָס קיין שום באַרואיקנ־דיקע דערקלערונגען פון מאָסקווע, אַלע מיט דעם אייגענעם מאָ־טיוו „לאָמיר זיך איבערבעטן" ווערן פולשטענדיק איגנאָרירט פון פּעקין. סטאַלין, און נאָך זיין טויט זיינע תלמידים, האָבן זיך צו לאַנג געהאַלטן ביי זייער גלויבן, אַז די טעג פון מאַאָ און זיין קרייז זענען געציילטע, כדי צו מיינען אַז אַ פאַרשטענדיקונג צווישן די צוויי שונאים איז מעגלעך. עס קלינגט כמעט אומגלויבלעך דאָס וואָס סאַלסבורי דערציילט וועגן סטאַלינס באַציאונגען צו טשאַנג־קיי־טשעק, עס איז כמעט דאָס אייגענע וואָס מיר וויסן וועגן סטאַ־לינס באַציאונגען צו היטלערן פאַר דעם אויסברעכן פון דער צוויי־טער וועלט־מלחמה ווען די דייטשע אַרמייען זענען שוין געשטאַ־נען האַרט ביי דער רוסישער גרענעץ און ער האָט אַלץ ניט גע־וואָלט גלויבן זיינע אייגענע גענעראַלן, אַז היטלער נאַרט אים.

סאַלסבורי באַקענט דעם לייענער גענוג אויספירלעך מיט די רוסיש־כינעזישע באַציאונגען זינט דעם אָפּמאַך פון נערטשינסק אין 1680, דעם ערשטן אָפּמאַך וואָס כינע האָט אונטערגעשריבן מיט אַ פרעמדן לאַנד. לויט דעם אָפּמאַך האָט די גרענעץ צווישן די צוויי לענדער געזאָלט ליגן צווישן די טעריטאָריעס פון די צוויי גרויסע טייכן לענאַ און אַמור און עס איז געווען אַבסאָלוט קלאָר אַז די רייכע ערד אַרום דעם אַמור געהערט כינע. אָבער דער אָפּמאַך פון נערטשינסק האָט ניט צוריקגעהאַלטן דעם רוסישן דראַנג צו מאַרשירן ווייטער. הונדערט יאָר שפּעטער — אין 1784 — געפינען זיך רוסישע סעטלעמענטס אין דער געגנט פון אַלאַסקאַ.

די טיילן פון סאַלסבוריס בוך לייענט מען ווי אַ שפּאַנענדן קרימינאַל־ראָמאַן, אָבער אָן זיי קאָן מען ניט פאַרשטיין די וואַקסנ־דע שפּאַנונג אין די היינטיקע באַציאונגען צווישן די צוויי לענ־דער וועלכע מען קאָן אַנדערש ניט באַצייכענען ווי מיט די ווער־טער, אַז די מלחמה איז אומפאַרמיידלעך. די פריערדיקע רוסישע פּאָליטיק פון וואַקסן אין דער לענג און אין דער ברייט איז פאַר־בליבן ווי געווען, אָבער דאָס נייע כינע איז גרייט צום קאַמף מיט

אַ נייער אידעאָלאָגיע, מיט אַ נייעם רעזשים, מיט אַ נייער פּאָלי־טיק און מיט אַ נייער סטראַטעגיע, אפילו מיט אַטאָמישע וואָפן...

***

סאלסבורי שטעלט זיך ניט אָפּ אויספירלעך אויף דער גע־שיכטע פון דעם רוסישן פאַרכאַפּן און פאַרלירן פון מאַנדזשוריע און אויף דער רוסישער מפּלה אין דער מלחמה מיט יאַפּאַן, ווייל דאָס געהערט שוין אַזוי צו זאָגן צו דער פאַרגאַנגענהייט, דער גע־שיכטע. היינט זענען דאָ וויכטיקע אַקטואַליטעטן, פון וועלכע עס איז אָפּהענגיק די צוקונפט פון דעם קאַמף צווישן רוסלאַנד און כינע, אַ קאַמף, וואָס מיר מעגן באמת באַנוצן דעם אויסדרוק „אַ קאַמף אויף טויט און לעבן״. סאלסבורי ציט די אויפמערקזאַמקייט צו מאָנגאָליע, וואָס סאָוויעט־רוסלאַנד איז איר אָפיציעלער באַ־שיצער, פאַקטיש פאַרוואַנדלט אין אַ רוסישער פּראָווינץ מיט אַ סאָוויעט־רוסישן רעזשים, מיט אַן אויסגעשפּראָכן פיינטלעכער איינשטעלונג צום היינטיקן כינע. מיר הערן וועגן דעם אויסערן מאָנגאָליע — איבער דער גרענעץ מיט כינע ליגט דאָס כינעזישע אינערן־מאָנגאָליע — נאָר פון פאַל צו פאַל, מער אָדער ווייניקער צופעליק. דאָ שפּילט זיך אָבער אָפּ די גרויסע דראַמע שטילער־הייט, וואָס קאָן מיינען אין דער צוקונפט דאָס אייגענע וואָס די וואַלד־קאָנצעסיעס ביים טייך יאַלו, וועלכע האָבן געפירט צו דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה.

מאָנגאָליע איז דער רעשט פון דער אַמאָליקער קאָלאָסאַלער טשענגיס־כאַן ממשלה, וואָס האָט אין צוועלפטן יאָרהונדערט פאַר־כאַפּט די רוסישע פירשטנטימער און לעבט נאָך היינט אַלס אַ סטראַ־שידלע־געשפּענסט אין אַלע עקן פון אַזיע. עס וועט ניט זיין אי־בערגעטריבן ווען מיר זאָגן, אַז גאָר ניט ווייניק פון מאָנגאָלישער מענטאַליטעט און כאַראַקטער איז פאַרבליבן ביז צום היינטיקן טאָג אין רוסלאַנד.

מען דאַרף שטענדיק געדענקען ווען מען רעדט וועגן כינע און רוסלאַנד דעם אונטערשיד צווישן די צוויי קולטורן, פינף

טויזנט יאָר כינעזישער קולטור און די פּאָר הונדערט יאָר פון דער רוסישער עקספּאַנסיע אויפן חשבון פון פאַרשידענע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן. אפילו דער אונטערשיד צווישן די רוסן און אוקראַ־אינער האָט קיין מאָל ניט געקאָנט פאַרשווינדן און איז היינט מער ווי ווען עס איז פריער אויסגעשפּראָכן און טראָגט אַ רעוואָלוציאָ־נערן כאַראַקטער.

דאָס האָט געמוזט ברענגען דערצו, אַז די קאָמוניסטישע אי־דעאָלאָגיעס פון די רוסן און די כינעזער זאָלן זיך אַנדערש פאַר־מירן. די קאָלעקטיוויזאַציע פון דער רוסישער אַגריקולטור, וואָס האָט דערפירט די רוסישע לאַנדווירטשאַפט צו אַ חורבן, האָט ניט געקאָנט אָנגעווענדט ווערן אין כינע מיט איר באַפעלקערונג פון אַכט הונדערט מיליאָן נפשות. עס זענען אַנדערע מענטשן, עס איז אַן אַנדערע קולטור, אַן אַנדערע מענטאַליטעט און אַן אַנדערע דיס־ציפּלין. עס איז לעכערלעך צו מיינען, אַז אַ סטאַלין און זיינע גלייכע זענען געווען אין שטאַנד צו ענדערן דעם גאַנג פון דער געשיכטע, צו ענדערן די מענטאַליטעט און די קולטור־אַנטוויקלונג פון דעם כינעזישן פאָלק.

ווען סאַלסבורי האָט אָנגערופן זיין אַרבעט מיט די ווערטער „די מלחמה צווישן רוסלאַנד און כינע וואָס קומט", וואָס דאָס מיינט „די אומפאַרמיידלעכע מלחמה", איז דערמיט אָנגעטייט ניט נאָר די מלחמה צוליב שטיקער לאַנד, ניט נאָר טעריטאָריע פאַר דער וואַקסנדיקער באַפעלקערונג פון כינע, נאָר אויך דער קאַמף צווישן צוויי קולטורן. פאַר דעם כינעזישן קאָמוניזם איז דער היינטיקער רעזשים אין דעם מאָסקווער קרעמל ניט קיין אַנ־דערער ווי דער המשך פון דעם אַלטן צאַריסטישן רעזשים מיט „בייע צאַרן" אין דער שפּיץ .דאָס איז ביי די כינעזער מער ווי אַן איינרעדעניש, מער ווי פּראָפּאַגאַנדע. דאָס איז אויך מער ווי פּאָליטישע עקשנות. עס איז אַ פעסטער גלויבן און די סאָוועט־רעגירונג אַליין טוט אַלץ וואָס איז נאָר מעגלעך כדי צו שטאַרקן דעם גלויבן.

פאַר דעם „וויטן אויסלאַנד" איז די רוסיש־כינעזישע גרע־

נעץ אַ געאָגראַפישער באַגריף און די געשעענישן אויף ביידע זייטן פון דער גרענעץ עפּעס אַזוי פאַרנעפּלט אַז עס זעט גאָר ניט אויס רעאַליסטיש. אין דער אמתן איז אַ פולשטענדיקע מאָביליזאַציע צו אַן עווענטועלער מלחמה אין אַ האַסטיקן טעמפּאָ אין גאַנג. בשעת די כינעזער זענען ביי זיך אין דער היים, דאַרפן די רוסן ברענגען יעדע קלייניקייט פון דער וויטנס, צו מאָל פון טויזנטער מיילן ווייט. בשעת די צייט אַרבעט פאַר די כינעזער און זיי קאָנען וואַרטן, ווערט רוסלאַנד געצוווּנגען צו איילן זיך און עפּעס אונ־טערנעמען, צו קומען צו וועלכער ס׳איז פאַרשטענדיקונג. אָבער די כינעזער ווילן מער ניט רעדן וועגן אַ „פאַרשטענדיקונג״. זיי פאַרלאַנגען אַ דעפיניטיווע „אָרדענונג״, אַ דעפיניטיווע סעטלע־מענט פון דעם גרויסן פּראָבלעם פון רוסיש־כינעזישער קאָ־עקסיסטענץ אין וויטן מזרח פון אַזיע...

# דער פּראָצעס אין מאָסקווע

עס איז ניט זייער וויכטיק פאַר אונדז מיט וואָס עס ענדיקט זיך דער פּראָצעס פון דעם רוסישן שרייבער סיניאַווסקי און דעם רוסיש־יידישן שרייבער און איבערזעצער דאַניעל. די אָפיציעלע סאָוויעטישע פּרעסע „איזוויעסטיאַ" און „פּראַוודאַ" — אויב מען קאָן אָנרופן די צוויי בלעטער מיטן נאָמען „פּרעסע" — האָבן פאַר־אויס געזידלט די צוויי אָנגעקלאָגטע פאַר זייער חוצפּה צו ווערן דרוקן אייניקע פון זייערע ווערק אין אויסלאַנד און אָנגעזאָגט פאַר־אויס, אַז מען וועט זיי „אָנלערנען". איז דאָס זייער שפּאַנענד ?

די רוסישע שרייבערס און זייער אָרגאַניזאַציע האָבן דאָך ניט אַרויסגעוויזן דעם מינדעסטן אינטערעס צו דעם טראַגישן סוף פון די יידישע שרייבערס בשעת דעם סטאַלין־טעראָר. בשעת דער דראַמע פון פּאַסטערנאַקס נאָבעל־פּרעמיע האָט אַ חברה־מאַן ווי סורקאָוו, דער סעקרעטאַר פון רוסישן שרייבער־פאַראיין און שאָ־לאָכאָוו, דער פּרעמירטער קאָזאַצקער דיכטער, אָנגעפירט מיט דעם שדים־טאַנץ אַרום דעם רוסיש־יידישן דיכטער, געפירט די קאַמ־פּאַניע קעגן אים, ביז זיי האָבן אים אַריינגעטריבן אין קבר אַריין. דאָס איז דאָס נייע רוסלאַנד.

דער היינטיקער פּראָצעס איבער די צוויי קרבנות פון טעראָר־רעזשים, וואָס מען האָט געהאַלטן פינף חדשים אין תפיסה ביז צום פּראָצעס, איז וויכטיק פאַר דער גאַנצער וועלט נאָר אויף אַזוי פיל, אויף וויפל אויפן פּראָצעס ווערט געמשפּט דער סאָוויעטישער רעזשים גופא — צוויי יאָר פאַר די פייערונגען פון דעם 50־יאָריקן יובל פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע.

אַ סך טראַגישע געשעענישן האָבן זיך אין די לעצטע פּאָר יאָר אָפּגעשפּילט אין סאָוויעט־רוסלאַנד גראָד ווען מענטשן האָבן גע־פּירט דיסקוסיעס וועגן דעם, צי ס'איז טאַקע דאָ אַ דע־סטאַליני־זאַציע אָדער אַלע רייד וועגן דער באַפרייאונג זענען ניט מער ווי פּוסטע פּלוידעריי. דער היינטיקער מאָנסטער־פּראָצעס איז אַן ענט־פער אויף דעם פּראָבלעם.

אין דער זשענעווער צייטונג „טריבון דע זשענעוו" איז די טעג (8.2.66) אָפּגעדרוקט אַן אויספירלעכער שמועס פון אַ מיט־אַרבעטער פון דער צייטונג מיט אַ פּראָפעסאָר פון זשענעווער אוני־ווערסיטעט מישעל אקוטוריע, אַ לערער פון סלאַווישע שפּראַכן, וועל־כער האָט מערערע מאָל באַזוכט מאָסקווע, כדי צו פּערפעקציאָנירן זיך אין רוסיש און וועלכער האָט אין פאַרלויף פון די לעצטע צוועלף יאָר זיך געטראָפן און באַפריינדעט געוואָרן מיט ביידע אָנגעקלאָגטע אין דעם היינטיקן מאָסקווער פּראָצעס, מיט דעם לי־טעראַטור־היסטאָריקער אַנדרעי סיניאַווסקי און מיט דעם רוסיש־יידישן דיכטער דאַניעל. די דערקלערונגען פון שווייצער פּראָפּע־סאָר זענען דערפאַר פון גרויסן אינטערעס, ווייל מען האָט דאָ צו טאָן מיט אַ וויסנשאַפטסמאַן און ניט מיט קיין פּאָליטיקער. בשעת זיינע שטודיען אין מאָסקווע האָט ער ניט געהאַט קיין שום פּאָלי־טישע אַמביציעס אָדער אינטערעסן.

פּראָפעסאָר אקוטוריע דערציילט: — עס איז געווען אין 1954 ווען איך בין געקומען קיין מאָסקווע און געמאַכט באַקאַנטשאַפט מיט אַנדרעי סיניאַווסקי, ווען ער האָט געגעבן אַ קורס אין דעם מאָסקווער אוניווערסיטעט וועגן ליטעראַטור אין צוואַנציקסטן יאָר־הונדערט. איך בין געקומען צוזאַמען מיט אַנדערע פראַנצייזישע סלאַוויסטן, כדי זיך צו פּערפעקציאָנירן. איך האָב אויך דעמאָלט געטראָפן יוליוס דאַניעל. איך בין אַ סך מאָל געווען צוזאַמען מיט ביידע שרייבערס בשעת מיין צווייטן לאַנגן באַזוך אין מאָסקווע אין 1956 און אויך שפּעטער אין 1958. איך בין פאַרבליבן אין קאָרעס־פּאָנדענץ מיט סיניאַווסקי. די ידיעה וועגן זייער אַרעסט האָט מיך דערשיטערט. איך טראַכט מער פון אַלץ וועגן זייערע פאַמיליעס.

ביידע זענען זיי אין אַן עלטער פון אַן ערך פערציק יאָר, ביידע האָבן זיי פרוי און קינד. די פרוי פון סיניאַווסקי, מאַשאַ, איז פון פאַך אַ קונסט־געשיכטלערין און פּראַקטיצירט ניט מער איר פאַך, זינט דער זון איגאָר איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1964. די פרוי פון יוליוס דאַניעל איז די מוטער פון אַ ייִנגל פון צען יאָר. איך האָב ניט לאַנג געהערט, אַז זי איז שווער קראַנק. איך האָב געהאַט מיט זיי געמיינשאַפטלעכע אינטערעסן: דאָס איז די פּאָעזיע בשעת די ערשטע יאָרן פון דער רעוואָלוציע. וועגן דעם האָט סיניאַווסקי צוזאַמען מיט זײַנע קאָלעגן פון גאָרקי־אינסטיטוט פאַר וועלט־ליטעראַטור אָנגעשריבן אַ וויכטיק ווערק. סיניאַווסקי האָט פערזענלעך געקענט פּאַסטערנאַקן און ער האָט צוגעגרייט די אויספירלעכע הקדמה צו דער לעצטער אויסגאַבע פון פּאַסטערנאַקס ווערק, אַן אויסגאַבע, וועלכע ווערט באַטראַכט אַלס דער וויכטיקסטער רעזולטאַט פון דעסטאַליניזאַציע. דאַניעל איז פאַרנומען מיט דער איבערזעצונג פון פּאָעזיע. ביידע קענען זיי גוט די מאָדערנע קונסט (סיניאַווסקי האָט געשריבן אַ בוך וועגן פּיקאַסאָ) און ביידע אינטערעסירן זיך מיט פראַנצייזישער קולטור. דאָס שטערט זיי ניט צו זיין טיף איבערגעגעבן דער רוסישער געשיכטע און זיין שטאָלץ מיט דעם עסטעטישן און גייסטיקן אוצר פון אַלטן רוסלאַנד.

נאָך דעם קומט אַ וויכטיקע דערקלערונג פון שווייצער פּראָפעסאָר וועגן זײַנע צוויי פריינד, מיט וועלכע ער האָט זיך געפילט פון אָנהייב אָן ווי מיט אייגענע, נאָענטע מענטשן: — אַנדרעי סיניאַווסקי האָט אָפט באַזוכט די צפון־דיסטריקטן וווּ עס זענען נאָך פאַרבליבן אין אַ גוטן צושטאַנד אַלטע טראַדיציעס און פאָלקלאָר. ער פלעגט ברענגען מיט זיך אויסגעצייכנטע פאָטאָגראַפיעס, איקאָנעס, אַלטע מאַנוסקריפּטן...

יוליוס דאַניעל איז אַן אָפענער כאַראַקטער, אַ פריילעכער, פול מיט ענערגיע און ברייטהאַרציקייט. איך דערמאָן זיך אַזאַ פאַל: איך האָב געקויפט ביי אַ בוקיניסט כמעט אַלע ווערק פון אַלעקסאַנדער בלאָק. עס האָט געפעלט נאָר איין באַנד. מיין גאַסטגעבער האָט תיכף אַרויסגענומען פון זיין אייגענער ביבליאָטעק דעם באַנד, וואָס

האָט געפעלט, אָנגעשריבן אַ דעדיקאַציע און מיר אים איבערגע־געבן. ביידע האָבן זיי געהאַט די אמתע רוסישע גאַסטפריינדלעכקייט.

אויף דער פראַגע פון זשורנאַליסט וועגן יוליוס דאַניעל האָט דער פּראָפעסאָר געענטפערט: — דאַניעל האָט אין סאָוויעט־רוס־לאַנד פּובליצירט עטלעכע אויסגעצייכנטע איבערזעצונגען פון יידי־שע און אוקראַינישע דיכטערס. איך גלייב, אַז זיין פּאָטער איז געווען אַ יידישער שרייבער און האָט געליטן בשעת סטאַ־לינס פאַרפאָלגונגען („פּערסעקוטע סו סטאַלין"). סיניאַווסקיס פאָ־טער איז אויך געשטאָרבן זייענדיק אין געפענגעניש („אַרביטרערמאַן אַמפּריזאָנע") בשעת די לעצטע יאָרן פון סטאַלינס לעבן. דרך אגב: ביידע האָבן ניט געוואָלט רעדן וועגן די פאַרגאַנגענע יאָרן. מען האָט ניט געפילט ביי זיי קיין בייזע טענות. דעסטאַליניזאַציע האָט פאַר זיי באַטייט דאָס אומקערן זיך צו דעם גייסט פון דער רעוואָ־לוציע, די באַפרייאונג פון שעפערישע כוחות...

דער שווייצער וויסנשאַפטסמאַן האַלט פאַר אַן אומזין, פאַר אַן אַבסורד דעם געדאַנק וועגן דעם, אַז זיינע צוויי פריינד אין מאָס־קווע זענען ניט קיין לאָיאַלע בירגער פון סאָוויעט־רוסלאַנד...

דער שווייצער וויסנשאַפטסמאַן, דערשראָקן און דערשיטערט, האָט, ניט געקוקט אויף זיינע לאַנגע באַזוכן און שטודיען אין מאָס־קווע, ניט געקאָנט באַנעמען דעם אינהאַלט און דעם כאַראַקטער פון דעם היינטיקן רעזשים אין סאָוויעט־רוסלאַנד.

(דעם 18־טן פעברואַר 1966)

# סאָלזשעניצין — אַ סימבאָל!

וואָס מער די אָפיציעלע סאָוויעטישע פּרעסע — און דאָס מיינט די סאָוויעט־רעגירונג — שטורעמט קעגן דעם פאַרשפּרייטן אין אויסלאַנד אַלעקסאַנדער סאָלזשעניצינס בוך וועגן די קאָנצענ־טראַציע־לאַגערן אין סטאַלינס צייטן, ווען די באַפעלקערונג פון די לאַגערן האָט דערגרייכט צוועלף מיליאָן געמשפּטע און נישט־גע־משפּטע קעגנער פון רעזשים, אַלץ מער פאַרשווינדט דאָס פּנים פון שרייבער און אַלץ מער ווערט זיין נאָמען דער סימבאָל פון באַרבאַרישן רעזשים.

ווי באַקאַנט, איז סאָלזשעניצינס בוך וועגן די לאַגערן אָנגע־שריבן געוואָרן מיט פינף יאָר צוריק און איז פּובליצירט געוואָרן מיט אַ פּאָר חדשים צוריק, ווען די אַגענטן פון דער געהיים־פּאָ־ליציי האָבן געפונען דעם יאָרנלאַנג געזוכטן מאַנוסקריפּט און גע־מאַכט פאַר אים די גרעסטע פּובליסיטי.

מיר זענען איבערצייגט, אַז אָן דער אָפיציעלער רעקלאַמע וואָלט דאָס בוך ניט אַרויסגערופן אַזאַ סענסאַציע, וואָס איז גרע־סער ווי די באַרימטע רעדע פון ניקיטאַ כרושטשאָוו וועגן דעם שרעקלעכן טעראָר בשעת סטאַלינס דיקטאַטור.

איצט, ווען די גאַנצע וועלט איז אַן עדות, אַז אין די לאַגערן געפינען זיך נאָך אַן ערך איין מיליאָן באַשטראָפטע מענטשן, איז דער נאָמען פון דעם שרייבער אַלעקסאַנדער סאָלזשעניצין כמעט אין גאַנצן פאַרנעפּלט אָדער פאַרשוווּנדן. די אָפּערע סאָלזשעניצין מיינט די „אָפּערע פון דעם סאָוויעטישן רעזשים״. ס׳איז קלאָר,

אַז די סאָוויעט־רעגירונג באַטראַכט זיך אַלס אַן אָנגעקלאָגטע און די עפנטלעכע מיינונג פון דער וועלט דאַרף זאָגן, ווער איז דער פאַרברעכער — די סאָוויעט־רעגירונג, וועלכע פּראַקטיצירט נאָך אַלץ סטאַלינס מעטאָדן, כאָטש אין אַ קלענערער מאָס, אָדער דער שרייבער, וועלכער האָט „אויסגעטראַכט״ אַ „בלבול״ אויף זיין פאָטערלאַנד און באַליידיקט דעם רעזשים און זיינע בויער.

אַז די אַגענטן פון דעם רעזשים, צווישן זיי פורצעוואַ, וואָס פאַרנעמט דעם וויכטיקן פּאָסטן פון קולטור־מיניסטער, רייסן אַרונטער דעם ריין ליטעראַרישן ווערט פון סאָלזשעניצינס בוך, קאָן אינטערעסירן ווייניק מענטשן. אַמאָל האָט דעם פּאָסטן פאַר־נומען אַ באַקאַנטער און טאַלאַנטפולער שרייבער לונאַטשאַרסקי. אָבער ווער איז זי די פורצעוואַ? וואָס זענען אירע קוואַליפיקאַ־ציעס, וואָס האָט זי געשריבן און בכלל ווער איז זי? אויף דעם קאָן קיינער ניט ענטפערן.

די געשיכטע פון דער רוסישער ליטעראַטור איז פול מיט סימבאָלן פון פאַרפייניקטע גרויסע שרייבער. איז ניט דער גרוי־סער דיכטער פּושקין געווען פאַרפייניקט? איז ניט דאָסטאָיעווסקי געווען פאַרפייניקט און פאַרבראַכט פיר יאָר אין קאַטאָרגע נאָר פאַר געהערן צום לינקן קרייז פון פּעטראַשעווסקי, ניט פאַר רע־וואָלוציאָנערע אויפטוען?

דאָס בוך פון סאָלזשעניצין וועגן אָפיציעלן טעראָר וועט מס־תמא דערוועקן פון דאָס ניי אַ גרויסן אינטערעס צו דעם, ווי מיר האָבן עס פריער אָנגערופן, פּאָליטישן סימבאָל פון אַ רעזשים.

דער טעראָר און די אוממענטשלעכע גרויזאַמקייט צו דעם, וואָס איז אַ קעגנער צו אייערע געדאַנקען, געהערן צו דער רוסי־שער קולטור הונדערטער יאָרן איידער עס איז צו דער מאַכט געקומען אַזאַ פערווערזער נפש ווי סטאַלין.

פריער ווי לענין איז געוואָרן דער פירער פון דער באַוועגונג, פאַר לענינס פּאַטאָלאָגישן עקסטרעמיזם און זיינע סאָציאַליסטישע טעאָריעס, און אין זיינע מעשים, איז שטענדיק געווען אַ געוויסע

דערקלערונג: די צאַרישע רעגירונג האָט געהאָנגען זיין ברודער און זיין נשמה האָט געלעכצט נאָך נקמה, באַוווסטזיניק אָדער אומ־באַוווסטזיניק. אָבער ווען סטאַלין האָט פאַרניכטעט די גאַנצע פי־רערשאַפט פון זיין פּאַרטיי, ווען ער האָט פערזענלעך געגעבן אַ באַפעל צו דערהרגענען דעם גרויסן יידישן שוישפּילער מיכאָעלס נאָכדעם ווי אַן אַנדערער יידישער קינסטלער אויף דער רוסישער בינע מעיערהאָלד, איז אומגעבראַכט געוואָרן, ווען ער האָט געלאָזט אויסהרגענען אַ מאַסע פון גרויסע יידישע שרייבער און האָט אומגעבראַכט די בונדישע פירער ערליך און אַלטער, ווען ער און זיינע באַהעלפער האָבן אָנגעפילט די לאַגערן מיט מיליאָנען אומ־שולדיקע געפאַנגענע, איז דאָס אַלץ געווען אין גייסט פון דעם סימבאָל. ער און זיינע באַהעלפער האָבן זייער גוט געוווסט וואָס זיי טוען, אָבער זיי האָבן עס ניט געהאַלטן פאַר פאַרברעכנס. אויס־לענדער, וואָס קענען ניט רוסלאַנד און האָבן דאָרט ניט געלעבט, וואָס וועלן לייענען סאָלזשעניצינס ווערק, וועלן ניט באַנעמען די שרעקלעכע פאַקטן, וועלכע ער ברענגט, אפילו דאָס וואָס די „טאַס״־אַגענטור, וועלכע זידלט דעם שרייבער פאַר זיין אַנטי־סאָוויעטיזם, לייקנט ניט די פאַקטן. אָבער פאַר אויסלאַנד זענען זיי כמעט ווי אויסגעטראַכט, ווי דאַנטעס גיהנום.

ס׳איז אינטערעסאַנט, אַז די סאָוויעט־רעגירונג איז אַזוי אויפ־געבראַכט, ווייל די פּובליקאַציע פון סאָלזשעניצינס בוך שטערט דער אָנטשפּאַנונג, דאָס הייסט, דער דערנענטערונג צווישן רוס־לאַנד מיט די מערב־לענדער, אויך מיט אַמעריקע, פּרווווט אָבער ניט פאַרשווייגן די ווילדע האַנדלונגען פון רעזשים אָדער אָפּ־טרייסלען זיך פון זיי און פון זיינע פאַרברעכנס, כדי דערמיט צו עפענען אַ וועג פאַר דער אַנטשפּאַנונג. דאָס ניט. די וועלט זאָל האָבן דרך־ארץ פאַרן רעזשים אַזוי ווי ער איז!

גראָד פאַר דער אָנטשפּאַנונג איז וויכטיק, אַז דער היינטיקער רעזשים זאָל זיך אָפּטרייסלען פון סטאַליניזם, פון דער געהיים־פּאָליציי, פון דער ספּעציעלער אינקוויזיציע פאַר אינטעליגענטע מענטשן. דער פאַקט וואָס די אַגענטן פון דער סאָוויעט־רעגירונג

שטורעמען קעגן דעם שרייבער און גרייטן זיך, ווי עס ווייזט אויס, צו אַ ספּעציעלער „אַקציע" קעגן סאָלזשעניצינען, באַווייזט דער וועלט און באַזונדערס דער עפנטלעכער מיינונג פון אַמעריקע, אַז די רייד וועגן אַנטשפּאַנונג צווישן רוסלאַנד און דער קולטור־וועלט זענען פּוסטע רייד.

סאָוויעט־רוסלאַנד מעג זיין שטאָלץ דערמיט, וואָס נאָך אַלע־מען האָבן זיך געפונען אין לאַנד מענטשן, ווי די גרויסע וויסנ־שאַפט־לייט סאַכאַראָוו, די ברידער מעדוועדיעוו און אַ סך אַנדערע, וועלכע פאַרטיידיקן ניט נאָר דאָס לעבן פון סאָלזשעניצינען, נאָר אויך דעם כבוד פון רוסישן פאָלק, אָבער פאַר די אַגענטן פון דער סאָוויעטישער אינקוויזיציע זענען זיי „פאַרקויפטע נשמות", פאַר־רעטער.

דאָס איז רוסלאַנד. פּעטער דער גרויסער, אַ משוגענער רע־פאָרמאַטאָר, איז געווען אַ העלד, ווען ער האָט געהייסן פאַרברענען די וועלדער, ווהין עס זענען אַנטלאָפן טויזנטער קעגנער, וועלכע האָבן ניט געוואָלט אָפּשערן די אַלט־מאָדישע באָרד און ווען ער האָט מיט זיינע הענט פאַרפייניקט זיין זון. אַלעקסאַנדער דער ער־שטער, וועלכער האָט זיך באַטייליקט אין דער קאָנספּיראַציע צו דערמאָרדן זיין פאָטער, דעם צאַר פּאַוועל, האָט מען געגעבן דעם נאָמען „דער געבענטשטער" (צאַר בלאַגאָסלאַוועני). ניקאָליי דער ערשטער איז געווען אַ געבוירענער מערדער, האָט געלאָזט כאַפּן יידישע קינדער, פּייניקן זיי און שמדן. ניקאָליי דער צווייטער האָט באַגנעדיקט אַלע פאַרמשפּטע מערדער פון די יידישע פּאָגראָמען.

סאָלזשעניצין איז אַ העלד, אָפּגעזעסן יאָרנלאַנג אין אַ הויז פאַר משוגעים און מער ווי צען יאָר אין אַ קאַטאָרזשנע לאַגער. אָבער נאָך מער איז ער אַ סימבאָל פון דעם רוסישן סאָציאַליזם. דאָס איז רוסלאַנד, דאָס אַלטע און דאָס נייע.

אַ קורצע צייט פאַר זיין טויט האָט פּיאָטר קראָפּאָטקין געהאַט זיין צווייטן און לעצטן שמועס מיט וולאַדימיר איליטש לענין און האָט נאָר איין זאַך געקאָנט זאָגן:

— זעט, וואָס האָט איר געטאָן מיט דער רוסישער רעוואָ־לוציע, צו וואָס איר האָט דערפירט די רוסישע רעוואָלוציע!

וואָס האָט אים יענער געקאָנט ענטפערן? מיר וויסן ניט וואָס יענער האָט געענטפערט.

(„אונזער וואָרט", דעם 16־טן יאַנואַר 1974)

# דאָס געשפּענסט פון „אויגוסט 1914"

עס גייט אָן אין דער גאַנצער פּרעסע, ס'רוב נאַטירלעך אין דער ניט־יידישער, אַ ליידנשאַפטלעכע דיסקוסיע וועגן דעם בוך פון סאָלזשעניצין וואָס באַהאַנדלט די געשעענישן בשעת דעם ערשטן יאָר פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. די מלחמה איז אויס־געבראָכן אין אויגוסט 1914 און ניט נאָר קיין באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע האָט מען דעמאָלט ניט געקאָנט פאָראויסזען, דעם צו־זאַמענברוך פון מאָנאַרכיסטישן רעזשים און פאַרשווינדן פון דער ראָמאַנאָוו־דינאַסטיע, נאָר עס איז געווען בכלל שווער צו אָריענ־טירן זיך בכלל אין די קאָנסעקווענצן פון דער נייער וועלט־שלאַכט וואָס האָט זיך אָנגעהויבן.

עטלעכע טעג פאַרן אָנהייב פון דער מלחמה איז פּואַנקאַרע, דער פּרעזידענט פון פראַנקרייך, צוזאַמען מיט וויוויאַני, דעם פראַנ־צייזישן פּרעמיער־מיניסטער, געווען אין פּעטערבורג מיט אַ וויזיט ביי ניקאָליי דעם צווייטן. איטאַליע איז נאָך אָנגעגאַנגען מיטן דינגען זיך מיטביידע צדדים און צום סוף באַשלאָסן צו גיין מיט דייטשלאַנד. עס האָט געהאַלטן ביי אַן אמתער ערד־ציטערניש. קאָן מען דעריבער ניט פאַרשטיין, פאַרוואָס איז גראָד די סאָוויע־טישע קריטיק אַזוי אויפגעבראַכט אויף סאָלזשעניצינען און באַ־פאַלט אים אַזוי שאַרף. איז עס דערפאַר ווייל סאָלזשעניצין ווערט באַטראַכט פון דער גאַנצער וועלט פאַר דעם גרעסטן רוסישן שריי־בער פון אונדזער צייט און שטעלט אַוועק זיין נאָמען אין איין ריי מיט טאָלסטאָי און דאָסטאָיעווסקי ?...

די אויפגערייצטע שטימונג אין מאָסקווע נאָך דעם ווען אפילו די עגיפּטער, זייענדיק אָפּהענגיק פון רוסלאַנד, האָבן ניט געקאָנט מער אויסהאַלטן די רוסישע „העפלעכקייט" און פשוט פאַרטריבן פּופּצן טויזנט רוסישע עקספּערטן. ניט די היינטיקע פּירערשאַפט, ניט די אַמאָליקע פּרעטענדענטן אויף אַ פּירערשאַפט־ראָלע אין דער וועלט, האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון וועלן פאַרשטיין, אַז רוסלאַנד איז איזאָלירט, אַז זי, ווי אַמאָל עסטרייך־אונגאַרן און די אָטאָמאַנישע אימפּעריע, מוז אונטערגיין ווי אַ גרויסמאַכט.

דער שרייבער פון די שורות איז ניט נאָר געווען אַן עדות אין אויגוסט 1914 און אין די ווייטערדיקע חדשים פון די דראַמאַ־טישע געשעענישן, צוערשט אין פּעטערבורג און וואַרשע און באַלד דערנאָך אויף דעם רוסישן פראָנט פאַר דעם ווי די דייטשן האָבן פאַרנומען צוערשט לאָדזש און נאָך דעם וואַרשע, נאָר אין אַ גע־וויסן זין מיטגעמאַכט די געשעענישן.

איך בין געווען אין פּעטערבורג, בשעת דער קאַטאַסטראָפע פון דער רוסישער אַרמיי אין מזרח־פּרייסן און דעם זעלבסטמאָרד פון גענעראַל סאַמסאָנאָוו, דעם הויפּט־קאָמאַנדיר פון דער אַרמיי, בעת זי איז געווען אַרומגערינגלט פון די דייטשן אונטער דער קאָמאַנדע פון צוויי גענעראַלן הינדענבורג און לודענדאָרף. די צוויי גענעראַלן זענען שפּעטער געוואָרן „וועלט־באַרימט"; איינער מיט זיין מפּלה אויף דעם פראַנצייזיש־ענגלישן פראָנט וואָס האָט גע־פירט דערצו אַז קייזער ווילהעלם דער צווייטער, באַקאַנט מיט זיין פּלוידעריי און „געוואַלדיקן העלדנטום", אַזוי ווי אַ נישטיקער פּחדן איז אַנטלאָפן פון שלאַכטפעלד קיין האָלאַנד און דערמיט פאַר־ענדיקט זיין קייזערלעכע קאַריערע.

אָבער די אמתע דראַמע אין דעם אָנהייב פון דער ערשטער וועלט־מלחמה — אַ דראַמע פאַר רוסלאַנד און אַ שרעקלעכע טראַ־געדיע פאַרן רוסישן יידנטום, האָט זיך אָפּגעשפּילט אויף דעם רוסישן פראָנט. אַלס הויפּט־קאָמאַנדיר פון דער רוסישער אַרמיי איז באַשטימט געוואָרן דער גרויספירשט ניקאָליי ניקאָלייעוויטש,

נאָך פאַר דער מלחמה באַקאַנט אַלס אַ גרויזאַמער פאַרשוין, אַ פאַרווילדעוועטער סאַטראַפּ. מען האָט דערציילט אין פעטערבורג, אַז דער צאַר אַליין האָט פאַר אים געציטערט. די דינאַסטיע פון די ראָמאַנאָווס האָט געהאַט ניט ווייניק סאַטראַפּן. ס'איז גענוג צו דערמאָנען ניקאָליי דעם ערשטן, פאַר וועמען זיינע אייגענע קינדער האָבן מורא געהאַט. אָבער ניקאָליי ניקאָלייעוויטש האָט געשלאָגן אַלע רעקאָרדן פון אוממענטשלעכקייט. באַשטימען אים פאַר שעף פון אַ גרויסער אַרמיי האָט געהייסן גאַראַנטירן פון פריער־אויס אַ מיליטערישע קאַטאַסטראָפע. ער און זיין פויליש־רוסישער שעף פון גענעראַל־שטאַב, גענעראַל יאַנושקעוויטש, האָבן באַלד גע־פונען אַ תירוץ ווי צו דערקלערן פאַר דער עפנטלעכקייט די מפּלה פון דער רוסישער אַרמיי: יידישער שפּיאָנאַזש לטובת דער דייטשער אַרמיי. יידן אין די פוילישע שטעט און שטעטלעך האָבן ניט געקענט קיין רוסיש און ניט קיין דייטש. אָבער הונדערטער טויזנטער יידן זענען געווען אין דער רוסישער אַרמיי און טויזנטער פון זיי האָבן באַקומען אויסצייכענונגען פאַר זייער בוצלעכער דינסט. די הויפּט־קוואַרטיר פון גרויספירשט האָט זיך אָבער גע־נייטיקט אין אַ תירוץ פאַר די מפּלות און מען האָט געפונען אַ קרבן: דעם ייד!

איידער דער יידישער פּאָליטישער קאָמיטעט איז געקומען צו זיך פון די ערשטע אַנטיסעמיטישע מאסמיטלען פון דער הויפּט־קוואַרטיר איז אַרויס אַ באַפעל וועגן אַרויסשיקן אַלע יידן פון די פוילישע שטעטלעך נאָענט צו דער דייטשער גרענעץ און פון די באַלטישע פּראָווינצן, אַלטע און יונגע, געזונטע און קראַנקע, אַלע — אַן ערך זעקס הונדערט טויזנט נפשות אין פאַרלויף פון עט־לעכע טעג, אַרויסשיקן אין צענטראַל־רוסלאַנד, אין סיביר.

מיר האָבן ניט בדעה צו דערציילן די איינצלהייטן און די קאָנסעקווענצן פון דעם ריזיקן פּאָגראָם. אויף אַוועקצושיקן הונ־דערט טויזנט מענטשן האָט מען געדאַרפט האָבן טויזנטער וואַ־גאָנען, בשעת עס זענען ניט געווען קיין וואַגאָנען אויף צו ברענגען אַמוניציע צום פראָנט. אָבער די באַנדע מיליטער־פאַרברעכער איז

אָנגעגאַנגען מיט איר פאַרשיקונגס־אַרבעט. אַ פּאַניק האָט אַרומ־געכאַפּט די יידן אין גאַנצן לאַנד און אין אויסלאַנד.

דאָס אַלץ איז געווען, זעט אויס, ווייניק. די רוסישע אַרמיי האָט געהאַלטן אין ברעכן זיך. שוין די ערשטע זעקס חדשים האָט מען געהאַט די פולע איבערצייגונג, אַז רוסלאַנד מאַרשירט אַנטקעגן איר גרעסטער מפּלה. וואַרשע איז געווען ניט נאָר פול מיט יידן וועלכע מען האָט געטריבן פון די שטעטלעך, נאָר אויך מיט סאָל־דאַטן און אָפיצירן וואָס זענען אַנטלאָפן פון פראָנט. פּאַטרולן האָבן זיי געזוכט, געכאַפּט אויף די גאַסן אין סאַמע מיטן טאָג.

פרעגט זיך, פאַרוואָס איז די גאַנצע פּראָפּאַגאַנדע־מאַשין פון דער סאָוויעטישער רעגירונג אַזוי צאָרנדיק קעגן ראָמאַן פון סאָל־זשעניצין „אויגוסט 1914" וואָס שילדערט פּרטימדיק דעם אונטער־גאַנג פון צאַרישן רעזשים?

זענען דאָס געוועזענע באַאַמטע פון אַלטן רעזשים, וואָס הערשן נאָך היינט אין קרעמל?

דער גרויסער פּאָגראָם, וואָס ניקאָליי ניקאָלייעוויטש האָט אָנגעהויבן אין 1914 קעגן די רוסישע יידן, גייט דען אָן היינט אַזוי ווי ער איז אָנגעגאַנגען בשעת דער סטאַלין־הערשאַפט און בשעת כרושטשאָווס אַנטפּלעקונגען פון סטאַלינס פאַרברעכנס? עס קילנגט ווי אַן אַבסורד, ניט צום פאַרשטיין, אָבער אַזוי זענען די פאַקטן.

סאָלזשעניצין איז אַליין אַ קרבן פון דעם נייעם רעזשים און איז דער וואָס איז מער ווי ווער עס איז אַנדערער באַרופן צו מאַכן אַן אַנאַליז פון סאָוויעטישן רעזשים וועלכער איז אַ המשך, אָדער אַ מער ראַפינירטער, צענטראַליזירטער, מאָדערניזירטער, פון אַלטן צאַרישן רעזשים.

פאַרן רוסישן יידנטום האָט „אויגוסט 1914" באַדייט דעם אָנ־הייב פון סוף פון ישוב אין רוסלאַנד. אפילו די וואָס האָבן פריער ניט געטראַכט וועגן פאַרלאָזן די אַלטע היימען און אויסוואַנדערן קיין ישראל, וועלן איצט קומען צום אויספיר, אַז קיין מאָל וועט רוסלאַנד מער ניט זיין קיין אָרט פאַר אַ רואיקן יידישן ישוב און אַז מען מוז אַוועק; גאַנץ גלייך, וווהין די אויגן וועלן טראָגן. דאָס

איז אפשר אויך דער הויפט־געדאַנק פון דער יידן־פּאָליטיק פון דער סאָוויעטישער רעגירונג.

**
*

די קורצע באַמערקונג פון דער רעדאַקציע „אונזער וואָרט" צו מיין אַרטיקל וועגן סאָלזשעניצינס ניט־געהאַלטענער רעדע, גע־דרוקט מיטוואָך, דעם 13־טן סעפּטעמבער, אונטער דעם נאָמען „פּאַר אַ גרויסן גירוש", זאָגנדיק, אַז מיט ניט־דערמאָנען דערביי די אומגעבראַכטע זעקס מיליאָן יידן דערשטוינט אונדז און שוואַכט אָפּ סאָלזשעניצינס רעדע — דאָס איז אַ זייער ערנסטער פּראָבלעם.

די רוסישע פּאָליטיק בנוגע יידן אַזוי ווי די גאַנצע כוואַליע פון אויפסניי אויפגעלעבטן אַנטיסעמיטיזם אין פיל לענדער, איז אָן שום צווייפל אַ גרויסער אומגליק פּאַר אונדז. ער איז אָבער פאַרבונדן מיט דער אַלגעמיינער פּאָליטישער רעאַקציע. אויב דאָס איז ניט קלאָר פּאַר פאַרשידענע רעגירונגען און זיי מאַכן זיך ניט זעענדיק און ניט וויסנדיק, מוזן מיר זיי צווינגען צו זען די ווירקלעכקייט ווי זי איז. מיר האָבן געהאַט די גערעכטע טענה צו טשערטשילן און צו רוזוועלטן וועלכע האָבן געהאַט גענויע מאַ־טעריאַלן וועגן דער פאַרניכטונג פון מיליאָנען יידן בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה דורך די דייטשן אין די גאַז־קאַמערן, אָבער זיי האָבן מחמת אייגענער פּאָליטישער קאַלקולאַציע ניט אָנגענומען קיין ממשותדיקע מאסמיטלען קעגן די דייטשן אויף אָפּצושטעלן דעם מאָרד איבער די יידן. דאָס וואָלט אפשר געקאָנט ראַטעווען אַ גרויסע צאָל יידן.

איך האָב געזען און געהאַט אין מיינע הענט דעם גרויסן באַריכט וועגן אוישוויץ וועלכן מען האָט איבערגעגעבן איינעם פון די צוויי, אָבער אָן שום רעזולטאַטן. זיי האָבן ניט געוואָלט רעאַגירן.

סאָלזשעניצינס געראַנגל געהערט צו דעם פאַרמעסט פון דער פרייער וועלט קעגן טאָטאַליטאַריזם, קעגן דיקטאַטור, פאַר דעמאָ־קראַטיע און פאַר שלום.

(„אונזער וואָרט", דעם 27־ט ןסעפּטעמבער 1973)

# נקמה פון באַרבאַרן

ווי פיל מען זאָל זיך ניט ווּעלן איינהאַלטן און קאָנטראָלירן, כדי צו קאָנען באַטראַכטן דעם ענין סאָלזשעניצין פון אַ געוויסער דיס־טאַנץ, איז דאָס אַבסאָלוט אוממעגלעך. די סאָוויעט־רעגירונג האָט דאָך שוין אָפּגעטאָן ערגערע זאַכן, האָט דאָך געקאָנט סטאַלין שיקן אַ מערדער קיין מעקסיקע מיט דער מיסיע צו דערהרגענען טראָצקין אין זיין וווינונג, זענען דען ניט געווען די באַרימטע פּראָצעסן קעגן די גרינדער פונעם באָלשעוויזם און מיטאַרבעטער פון לענינען אַ פּשוטער מאַסנמאָרד? און דער מאַסנמאָרד פון די יידישע שריי־בערס?

בשעת סטאַלין האָט געלעבט האָט מען זיך אין מאָסקווע גע־שושקעט שטילערהייט, האָט ער טאַקע מיט אייגענע הענט דער־הרגעט זיין פרוי, סוועטלאַנאַס מוטער, אָדער זי האָט זיך אַליין גענומען דאָס לעבן? מען האָט מורא געהאַט לאָזן אויפטרעטן איינע פון די גרעסטע טענצערינס, וואָס איז געווען פון יידישער אָפּשטאַ־מונג, ווייל סטאַלין האָט זי פיינט געהאַט און דאָס האָט געהייסן, אַז איר לעבן איז אין געפאַר.

די געשיכטע פונעם רוסישן קאָמוניזם איז אַ קרימינאַל־ראָמאַן, אין וועלכן עס איז דאָ גענוג מאַטעריאַל פאַר הונדערט ראָמאַן־שרייבערס.

פאַר וואָס זשע האָט דער אַרעסט און די באַליידיקונגען וואָס האָבן זיך אַ שאָט־געטאָן אויף סאָלזשעניצינס קאָפּ אַרויסגערופן אַזאַ שטורעם אין דער גאַנצער וועלט? איך בין געווען געפּלעפט

ווען אַ שוועדישע פרוי איבער אַכציק יאָר אַלט, האָט מיר פלוצלינג טעלעפאָנירט, כדי מיר צו זאָגן, אַז זי איז גליקלעך וואָס סאָלזשע־ניצין איז אַרויס אַ לעבעדיקער פון סאָוויעט־רוסלאַנד...

ניין, אַזוי פשוט איז עס ניט. דער צאָרן פון די אינקוויזיטאָרס אין מאָסקווע האָט אַ וויכטיקן גרונד און מען דאַרף אים גאָר ניט צו פיל אַנאַליזירן כדי צו פאַרשטיין. סאָלזשעניצין וואָס האָט אַליין אויסגעהאַלטן צוועלף יאָר תפיסות, אַלערליי רדיפות און נגישות, האָט זיין דאָקומענטן־בוך געווידמעט זיינע פערזענלעכע ליידן, באמת אוממענטשלעכע ליידן. ער האָט אַראָפּגעריסן די קליידער פון דעם אַזוי־גערופענעם העכערן אָדער העכסטן מין פון סאָציאַליזם, דער־ביי האָט דער שרייבער ניט אַטאַקירט די היינטיקע הערשערס און די היינטיקע דיקטאַטור.

אָט פאַרנעמט אין מאָסקווע דעם פּאָסטן פון קולטור־מיניס־טער אַ פרוי. זי האָט דערקלערט — און ניט איין מאָל — אַז סאָל־זשעניצין, דער נאָבעל־פּרייז־טרעגער, איז אַ גאָרניט אַלס אַ שרייבער. די דאָזיקע פרוי איז אַ פּערמאַנענטע העצערין און אַזוי ווי זי, איז די גאַנצע חברה. דאָס איז ריינער סטאַליניזם אָדער בע־סער געזאָגט אומריינער.

סאָלזשעניצין שטייט זיי ווי אַ ביין אין האַלדז, ווייל ער האָט אַנטדעקט פאַר דער גאַנצער וועלט דעם סיסטעם פון לעניניזם־סטאַליניזם, וואָס איז געפערלעכער פון דעם צאַריזם מיט צוויי הונדערט יאָר צוריק.

פּראָקלאַמירן „דעטאַנט” מיטן היינטיקן רוסלאַנד, דאָס הייסט, אַקצעפּטירן די באַרבאַרן ווי זיי זענען, ווערן „גוטער ברודער” מיט דער חברה, געבן זיי מיליאַרדן קרעדיטן, העלפן זיי איינאָרדענען זיך ווי בעסער און ווי באַקוועמער. באַזוכן מאָסקווע און איינלאַדן זיי צו זיך — הייסט דאָס ניט צו זיין מיטפאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַלע פאַרברעכנס וואָס די חברה איז באַגאַנגען?

אין פאַרלויף פון די עטלעכע שעה, וואָס מען האָט געהאַלטן סאָלזשעניצינען אין געפענגעניש אָדער מען האָט אים אַוועקגעפירט

צום אַעראָפּאָרט, ניט זאָגנדיק וווהין מען פירט אים, האָט מען אים אויסגעטאָן און אָנגעטאָן אַרעסטאַנטסקע קליידער. דאָס מוז הייסן, אַז דער פּראָקוראָר האָט געהייסן באַהאַנדלען אים ווי אַ פאַר־משפטן פאַרברעכער. אַ נאָבעל־פּרייז־געווינער פאַר ליטעראַטור אין אַרעסטאַנטסקע קליידער אין אַ מאָסקווער געפענגעניש!

אויף רוסיש זאָגט מען: דאָס איז רוסישער גייסט, דאָס שמעקט מיט רוסלאַנד („זדיעס רוסקי דוך, זדיעס רוסיו פּאַכניעט"). און איז דאָס ניט אַליין אַ באַווייז פון דעם וואָס דער היינטיקער סאָוויעטישער רעזשים איז?

די וועלט־פּרעסע און די גרויסע עפנטלעכע מיינונג זענען דער־שיטערט. ווי לאַנג איז עס זינט די וועלט איז פּטור געוואָרן פון היטלער און גערינג נאָך דעם ווי זיי האָבן פאַרגאָסן אַ ים מיט בלוט? ווי לאַנג קאָן עס נאָך אָנגיין!?

מען טאָר ניט פאַרגעסן, אַז ווען היטלער האָט אָנגעהויבן די פאַרניכטונג פון מיליאָנען יידן האָט די וועלט אויפגעשוידערט, אָבער פּאַקטיש ניט רעאַגירט אויף דעם שרעקלעכן פאַרברעכן. ניט רוזוועלט און ניט טשערטשיל האָבן ניט געוואָרנט דאָס דייטשע פאָלק, ניט אָנגעזאָגט אַ שטראָף־עקספּעדיציע. די נאַצי־פאַרברעכנס זענען אָנגעגאַנגען ביז דער משוגענער בראַדיאַגע פון לינץ האָט זיך אַריינגעשאָסן אַ קויל אין קאָפּ. וויכטיקע נאַצי־טוערס פאַרנעמען ביז צום היינטיקן טאָג פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָסטנס אין מערב־דייטשלאַנד.

„דעטאַנט" מיט דער היינטיקער רעגירונג פון רוסלאַנד, ווו אין די לאַגערן און געפענגענישן זיצט נאָך אַ מיליאָן מענטשן, „נאָר" איין מיליאָן, וואָלט געהייסן אַז אַלץ איז פאַרגעסן. קאָסיגין, דער סאָוויעטישער פּרעמיער־מיניסטער פון דער סאָוויעט־רעגירונג, האָט דערקלערט, אַז אים אינטערעסירט ניט דער סאָלזשעניצין־ענין. פּרעזידענט ניקסאָן גרייט צו אַ נייעם באַזוך אין מאָסקווע. אונטער אַזעלכע אומשטענדן איז די פּראָטעסט־באַוועגונג אַרויס־גערופן פון סאָלזשעניצין, אַ העלדן־אַקציע. די גאַנצע וועלט מוז אַלאַרמירט ווערן. דער סאָוויעטישער פּען־קלוב מוז אויסגעשלאָסן

ווערן פון דער אינטערנאַציאָנאַלער שרייבער־פאַראייניקונג. אַלע אינטערנאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס דאַרפן זיך באַפרייען פון די סאָוויעטישע מיטגלידער און קאָסיגין וועט אפשר דעמאָלט געפינען צייט צו רעכענען זיך מיט דעם ענין.

וואָס איז די שטעלונג פון ברעזשניעוו, דעם אַקטיוון אונטערשטיצער פון דעם „דעטאַנט״? ער האָט אויך ניט קיין אינטערעס און קיין צייט צו פאַרנעמען זיך מיט דעם ענין אָדער עס איז בכלל געקומען אַ סוף צו דער „עפּאָכע ברעזשניעוו״ און ער וועט איצט מוזן פאַרלאָזן זיין פּאָסטן פון אַן אַלמעכטיקן דיקטאַטאָר פון דער ריזיקער אימפּעריע. עס איז ניט קיין געהיימעניש אַז אין קרעמל קומט פאָר די גאַנצע צייט אַ קאַמף צווישן די מעסיקע סטאַליניסטן און די אולטראַ־קאָנסערוואַטיווע וועלכע ווילן אומקערן דעם רעזשים צו די צייטן פון סטאַלינען. סאָוויעט־רוסלאַנד געפינט זיך היינט אויף אַ קרייצוועג און מען קאָן דערוואַרטן פונעם קרעמל אַלערליי סענסאַציאָנעלע געשעענישן. די באַרבאַרישע נקמה וואָס מען האָט גענומען פון סאָלזשעניצינען איז ניט דאָס לעצטע וואָרט אינעם פאַרביסענעם קאַמף. אַ גענויע אויספאָרשונג אין אויסלאַנד וועגן די געהיימענישן פון סאָלזשעניצינס „אַרכיפּעלאַג״ דאַרף זיין דער ערשטער שריט. עס איז אַ דרינגענדע נויטווענדיקייט צו וויסן, וואָס עס קומט פאָר אין סאָוויעט־רוסלאַנד...

(„לעצטע נייעס״, דעם 24־טן פעברואַר 1974)

# „אַ בירגערקריג אין סאָוויעטנלאַנד"

נאָר מענטשן, וואָס האָבן געלעבט און געליטן אין רוסלאַנד, נאָר מענטשן, וואָס זענען געבוירן און דערצויגן און איבערגעלעבט אין אַלטן רוסלאַנד אַ פּאָגראָם אויף יידן, אָדער אַ מאַניפעסטאַציע קעגן דער רעגירונג, צעטריבן פון פּאָליציי, אָדער קאָזאַקן, קאָנען באַגרייפן דעם זין פון דעם שטורעם, וואָס איז איצט אויסגעבראָכן אין סאָוויעט־רוסלאַנד אין פאַרבינדונג מיט פּובליצירן פון סאָל־זשעניצינס בוך וועגן די פאַרשיקטע אין די לאַגערן, אַמאָל אַן ערך צוואַנציק מיליאָן מענטשן און היינט „נאָר" איין מיליאָן.

אויסלענדער בכלל, אפילו קעגנער פונעם סאָוויעטישן רעזשים, זענען זייער סקעפּטיש ווען זיי הערן וועגן די היינטיקע רדיפות און נגישות אין רוסלאַנד. ווען איך האָב אַ מאָל דערציילט אַ קאַנאַדער פריינד, ניט קיין יידן, אַז בשעת איך בין געווען אַ סטודענט אין פּעטערבורג, בין איך געווען אויף אַ לעקציע פון דעם באַרימטן רוסישן געלערנטן מאַקסים קאָוואַלעווסקי בשעת אין גרויסן זאַל האָט זיך אַריינגעריסן אַ מאַסע פּאָליציי, באַוואָפנט מיט ביקסן, — בכלל האָט די פּאָליציי ניט געהאַט קיין ביקסן — און געזוכט עמעצן צו אַרעסטירן, האָט מיין פריינד אויפמערקזאַם צוגעהערט זיך, אָבער אין זיינע אויגן האָב איך קלאָר געלייענט זיין רעאַקציע: דערציילל, דערצייל די אויסגעטראַכטע שרעקלעכע באָבע־מעשיות...

עס איז אויך שווער צו באַנעמען, אַז אַזוינס איז געווען מעג־לעך אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. אָבער צען יאָר שפּעטער נאָך דעם פּאָגראָם, האָב איך געזען פּאָליציי אין זאַל פון דער דומאַ, דעם

רוסישן פּאַרלאַמענט, בשעת אַן אָבסטרוקציע קעגן דעם נייעם פּרע־מיער־מיניסטער גאָרעמיקין מצד קערענסקי, טשעכידזע און אַנדערע סאָציאַליסטן. זיי האָבן אים ניט געלאָזט רעדן און ראָדזאַינקאָ, דער פּרעזידענט פון דער דומאַ, האָט געהייסן דעם קאָמענדאַנט פונעם טאווּרישן פּאַלאַץ, באַראָן אסטען־פּאקען, אַריינברענגען פּאָליציי און אַרויספירן די אָבסטרוקציאָניסטן. דאָס איז געטאָן געוואָרן אין דער אָנוועזנהייט פון אַ פול־געפּאַקטער דומאַ און אַ ריזיקן עולם אין אַלע לאָזשעס...

און דאָס איז דאָך אַלץ געשען אין „הויכע פענצטער", אין אַן אוניווערסיטעט, אין דער דומאַ. ווען מען לייענט די פאַקטן וואָס סאָלזשעניצין באַשרייבט און וואָס קיינער פּרוווט גאָר ניט אָפּליי־קענען, ווערט דאָס בלוט פאַרגליווערט אין די אָדערן און מען קאָן ניט אָפּכאַפּן דעם אָטעם.

דאָס אומגלויבלעכע איז געשען אין רוסלאַנד אין פאַרלויף פון אַ האַלבן יאָרהונדערט: אַן אינקוויזיציע האָט געפּייניקט, אומבאַ־שטראָפט געפּייניקט און אומגעבראַכט מיליאָנען מענטשן. נאָך אַלע־מען איז ניט וויכטיק, צי סטאַליניזם אָדער לעניניזם איז פאַראַנט־וואָרטלעך פאַר דער אינקוויזיציע אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.

סאָלזשעניצין אַליין האָט פאַרבראַכט אַ גרויסן טייל פון לעבן אין געפענגענישן, אין קאַטאָרזשנע לאַגערן און זיבן יאָר אין אַ פּסיכיאַטרישן אַנשטאַלט. עס איז ניט צו פאַרשטיין ווי האָט דאָס אַלץ געקאָנט אויסהאַלטן אַ מענטש. אָבער ער האָט אויסגעהאַלטן, ער האָט אויסגעהאַלטן, ער האָט צען יאָר געזאַמלט דעם מאַטעריאַל — אַלץ דאָקומענטן! — און געשריבן דאָס בוך צען יאָר, ניט פּובלי־צירט עס, נאָר געהאַלטן געהיים...

דעם גרעסטן איינדרוק האָט דאָס בוך געמאַכט אויף די קאָ־מוניסטישע פאַרטייען אין אייראָפּע. עס איז אַן אמתע מהומה. גראַדע אין דער צייט ווען ברעזשניעווס 'אַנטשפּאַנונגס"־פּאָליטיק — „דע־טאַנט"! — האָט דערוועקט אַ האָפענונג, אַז קאָמוניזם איז ניט דעם טייוולס דאָקטרין און אַז אנשטענדיקע מענטשן פון דער קאַפּיטאַליס־טישער וועלט מעגן זי אַקצעפּטירן, קומט סאָלזשעניצין אַרויס מיט

זיין בוך וועגן די שרעקלעכע פאַרברעכנס פון דעם סאָוויעטישן רעזשים. מען האָט שוין געהאַלטן ביים פאַרגעסן כרושטשאָווס רע־וועלאַציעס אויף דעם צוואַנציקסטן קאָנגרעס פון דער קאָמוניס־טישער פּאַרטיי, רעוועלאַציעס, וועלכע האָבן דערשיטערט די גאַנצע וועלט. אָבער פאַר סאָלזשעניצין, פאַר דעם אַקאַדעמיקער סאַכאַראָוו און פאַר אַ גרויסן טייל פון רוסלאַנד, איז סטאַלינס רעזשים ניט פאַרגעסן. זינט כרושטשאָווס רעוועלאַציעס זענען באַקאַנט געוואָרן האָט דער רעזשים, וואָס איז אפשר געוואָרן ווייניקער בעסטיאַליש ווי אין סטאַלינס צייט,ן געהאַט אַ ספּעציעלע אויפגאַבע, צוימען די וואַקסנדע אָפּאָזיציע, מאַניפּעסטירן פאַר אויסלאַנד, אָבער הויפּט־זאַכלעך פאַר רוסלאַנד גופא, אַז לענינס אינסטרוקציעס וועגן „ריי־ניקן" דאָס לאַנד אָן שום רחמנות, — סאָלזשעניצין ברענגט אויס־פירלעכע ציטאַטן פון לענינס בריוו — זענען אין פולער קראַפט. די אַלטע טשעקאַ האָט מערערע מאָל געביטן איר נאָמען און הייסט היינט ק. ג. ב. אָבער די מעשים פון דער אינקוויזיציע זענען גע־בליבן ביז צום היינטיקן טאָג אומפאַרענדערט. די סאָוויעטישע אַגענ־טורן מיט דער ק. ג. ב. אין דער שפּיץ פירן איצט אַ קאַמף פאַר זייער עקסיסטענץ, אַ קאַמף אויף טויט און לעבן.

ווען כרושטשאָוו האָט געהאַלטן זיין סענסאַציאָנעלע רעדע וועגן סטאַלינס מעשים, האָט מען פון זאַל געשריגן:

— פאַר וואָס האָט איר אים ניט דערהרגעט?...

אָבער כרושטשאָוו, ווען סטאַלין פלעגט הייסן טאַנצן פאַר אים דעם „האָפּאַק", האָט ניט געקוקט דעם עולם צו נקמה און מאָרד. ער אַליין, ווי קאָסיגין, דער היינטיקער פּרעמיער, און ברעזשניעוו, זענען געווען סטאַלינס תלמידים און זיי האָבן דאָך אַלע מיטגעמאַכט סטאַלינס פּאָליטיק. אין סאָוויעט־רוסלאַנד איז היינט דאָס אייגענע ווי אין מערב־דייטשלאַנד: דאָרט פאַרנעמען היינט הויכע פּאָסטנס אַמאָליקע געטרייע דינערס פון היטלערן, אַזוי פאַרנעמען הויכע פּאָסטנס געטרייע סטאַליניסטן. פאַר וואָס פאַרנעמען הויכע פּאָסטנס אין דייטשלאַנד געוועזענע נאַציסטן אונטער ווילי בראַנדט? דער ענטפער איז איינפאַך: ניטאָ קיין בעסערע? דאָס איז דייטשלאַנד!...

דאָס אייגענע גילט אין רוסלאַנד. איז דען ניט אַנטראָפּאָוו, דער שעף פון דער אינקוויזיציע אין פאַרלויף פון אַ סך יאָרן, אַ פערזענ־לעכער בוזעם־פריינד פון ברעזשניעוון? איז דען ניט די גאַנצע חברה געקניפּט און געבונדן איינער מיט דעם אַנדערן?

מען מעג זאָגן, אַז זינט כרושטשאָווס רעוועלאַציעס וועגן סטאַ־לינען הערשט אין רוסלאַנד דער צושטאַנד פון אַן אָפענעם בירגער־קריג. עס איז ניט רעוואָלוציע און עס איז ניט עוואָלוציע, עס איז געשפּאָלטן דאָס לאַנד. דער קרעמל מיינט, אַז בירגער־קריג הייסט נאָר קאַמף אויף באַריקאַדן, אָן אָפענעם באַוואָפנטן אויפשטאַנד הייסט שלום, אַ נאָרמאַלער צושטאַנד. זיי פאַרגעסן, ווי אַזוי עס האָט אויסגעבראָכן די רעוואָלוציע פון 1917 און 1918. דער פאַרשטאָר־בענער ד״ר ווערעסאַיעוו, אַ באַרימטער שרייבער און הומאַניסט, האָט געשריבן, אַז מען קאָן ניט געפינען אין דער געשיכטע אַ פאַר־גלייך מיט דער באַרבאַרישער ווילדקייט פונעם רוסישן בירגער־קריג פון יענער צייט. דער צאָרן און דער כעס וואָס האָט זיך אָנגע־זאַמלט פאַר די יאָרן פון אוממענטשלעכער אונטערדריקונג, האָבן געפונען דעם אויסוועג אין אוממענטשלעכער קעגנזייטיקער פאַר־ניכטונג. דער צאָרן און דער כעס זאַמלען זיך איצט אין אַ ניט קלענערער מאָס.

דאָס איז דאָס שרעקלעכסטע אין דעם בוך פון סאָלזשעניצין: די באַציאונג פון דער לאָקאַלער אַדמיניסטראַציע פון די לאַגערן צו די פאַרשיקטע. מען באַהאַנדלט די מענטשן ווי ווילדע חיות, עס הערשט אַ פולשטענדיקע הפקרות. וואָס פיינער דער אַרעסטיר־טער איז, וואָס פאַר אַ הויכן ראַנג ער זאָל ניט האָבן — ווען סאָל־זשעניצין איז אַרעסטירט געוואָרן צום ערשטן מאָל איז ער געווען אַן אָפיציר אין דער אַרמיי, אַ קאַפּיטאַן און אַ שעף פון אַן אָפּטיי־לונג — אַלץ גרויזאַמער און אוממענטשלעכער ווערט ער באַהאַנדלט. דער לייענער זעט פאַר זיך קיין ניט קיין באַאַמטע פון אַ רעגירונג, נאָר אמתע בעסטיעס, וועלכע ווייסן, אַז אַלץ איז זיי דערלויבט.

ווען מען ווייסט פון אַלערליי „פּריוואַטע״ קוועלן, וואָס זענען גאָרניט קיין פּריוואַטע, אַז אינעם גאַנצן לאַנד גייען אָן פּערמאַנענטע

אַרעסטן און אַ געיעג נאָך געזוכטע, וועלכע באַהאַלטן זיך אויס פון די אַגענטן פון דער געהיים־פּאָליציי, איז דער אויסדרוק „בירגער־קריג אין סאָוויעטנלאַנד" גאָרניט איבערגעטריבן. דאָס עפּנטלעכע אויפטרעטן פון סאַכאַראָוו, די ברידער מעדוועדיעוו און הונדערט אַנדערע אַזעלכע פּראָטעסטן, זענען כלומרשט פאַרבונדן מיט סאָל־זשעניצינס ווערק, אָבער אין דער אמתן זענען דאָס רעוואָלוציאָנערע קרעפטן, ספּאָזמען, וועלכע פירן שטענדיק צו אַן אויפרייס.

די פראַנצייזישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי באַרואיקט די עפנט־לעכע מיינונג דערמיט, וואָס די פאַקטן פון סאָלזשעניצינען זענען שוין פון לאַנג באַקאַנט און פאַרגעסן. דער תירוץ באַשטייט פון אַ האַלבן אמת און אַ האַלבן ליגן. די אַלטע פאַקטן זענען שוין לאַנג באַקאַנט, אָבער זיי זענען ניט פאַרגעסן.

איך וואָלט אַנגערופן די מאַסן־אַרעסטן, די אַלטע און נייע רדיפות און נגישות אַ „פּרעווענטיווע קאָנטר־רעוואָלוציע". ווי לענין אַליין האָט געהייסן „רייניקט מען" דאָס לאַנד פון קעגנערס פון דעם סאָוויעטישן רעזשים און ווי לענין אַליין האָט געהייסן טויט מען דאָס אָן שום רחמנות, אָן שום דרך־ארץ צו דער ווערדע פון אַ מענטשן.

אין אויסלאַנד זענען באַקאַנט נאָר אייניקע פּראָטעסטן, הגם נאָך ברעזשניעווס רייזע קיין אַמעריקע האָבן אויסלענדישע קאָרעס־פּאָנדענטן אין סאָוויעט־רוסלאַנד באַקומען די מעגלעכקייט פרייער צו באַוועגן זיך און פרייער צו שרייבן. אין סאָוויעט־רוסלאַנד גופא פאַרשפּרייט זיך די פּאַניק זייער שטאַרק. דאָס לאַנד, ביידע צדדים מאָביליזירן זיך צום קאַמף. מיר זענען ערב גרויסע געשעענישן אין דעם לאַנד...

(„לעצטע נייעס", דעם 20־טן יאַנואַר 1974)

# סאָוויעטיש־אַראַבישער פראָנט

מען מוז זאָגן, אַז די מושלים אין קרעמל באַזיצן אַ סך קוראַזש, ווען זיי מאַניפעסטירן אַזוי אָפן און דעמאָנסטראַטיוו זייער סאָלידאַריטעט מיט דער חברה אין קאַיראָ און דמשק. זיי ווילן איגנאָרירן דעם פאַקט, אַז זיי גייען אין די דרכים פון סטאַלינען, ווען ער האָט באַשלאָסן זיין באַרימטן פריינדשאַפט־אָפּמאַך מיט היטלערן. מיר מיינען אַז זיי גייען אויף אַן אויסגעטראָטענעם וועג. זיי קאָנען זאָגן, אַז נאַסער איז נאָך אַלעמען ניט קיין היטלער און די סירישע קליקע, געשלאָגן און אין גאַנצן דעמאָראַליזירט, איז ניט ערגער פון אַ היטלער, פון אַ ריבענטראָפּ, פון די אַנדערע נאַציסטישע מערדער־קליקעס. דער קרעמל האָט דאָך געאַרבעט מיט זיי.

דאָס אומדערוואַרטעטע אָנקומען פון אַן עגיפּטישער מיליטערישער דעלעגאַציע קיין מאָסקווע, ניט זייענדיק איינגעלאַדן, באַווייזט, אַז צווישן מאָסקווע און קאַיראָ זענען באמת דאָ ברידערלעכע באַציאונגען און אַז די אַראַבער פילן זיך אין מאָסקווע ווי ביי זיך אין דער היים.

זיכער זענען עס טראַגישע געשעענישן אויפן נאָענטן מזרח. זיכער זענען די אַלע דראָאונגען פון די אַראַבישע פירערס געריכט ניט נאָר קעגן מדינת ישראל, נאָר קעגן דעם גאַנצן יידנטום. אָבער עס איז גוט וואָס דער בלאָטער האָט געפּלאַצט איצט, איידער די יידישע אַקציע קאָן קומען צו שפּעט.

דערווייל איז דאָך דאָ אַ מעגלעכקייט צו פאַרצייכענען אַלע געשעענישן. רעגיסטרירן זיי פון טאָג צו טאָג. קיינער ווייסט ניט

ווי אַזוי די געשעענישן וועלן זיך אַנטוויקלען, צי דער קאָנפליקט וועט ווי עס איז רעגולירט ווערן, אָדער עס וועט קומען צו ערשט צו אַ קליינער מלחמה און נאָך דעם צו אַ וועלט־מלחמה. מוז מען געננוי וויסן וואָס עס שפּילט זיך אָפּ אויף דער אָפענער בינע.

די אידענטיפיקאַציע פון די סאָוויעטן מיט די אַראַבער איז זייער אַ וויכטיקער און זייער אַ נוצלעכער אַקט. ניט נאָר יידן, נאָר די גאַנצע וועלט קאָן זען די אָפענע שפּיל פון דער סאָוויעטן־רע־גירונג, וואָס מאַכט זיך לעכערלעך, ווען זי דערקלערט אַז איר הויפּטצוועק איז, שלום...

מען מעג צווייפלען, צי די סאָוויעטן־רעגירונג איז היינט אינ־טערעסירט אפילו אין אַ קליינער מלחמה אין נאָענטן מזרח. דאָס איז אייגנטלעך געווען דער ענטפער, וואָס דער ענגלישער אויסערן־מיניסטער דזשאָרזש בראון האָט באַקומען אין מאָסקווע, ווי אַן ענטפער אויף די ענגלישע פאָרשלאַגן וועגן ברענגען אין אָרדענונג די פאַרשידענע קאָנפליקטן. ענגלאַנד האָט איצט דעם עגיפּטיש־אָרגאַניזירטן בירגער־קריג אין אַדען און איז קוים אין שטאַנד צו פאַרלאָזן דעם פּראָטעקטאָראַט אין 1968 ווי מען האָט צוגעזאָגט. די סאָוויעטישע רעגירונג זאָגט די גאַנצע צייט: אונטער די היינטיקע אומשטענדן וויל זי ניט האָבן קיין מלחמה אין נאָענטן מזרח. וויפיל די סאָוויעטן־רעגירונג זאָל ניט זיין איינגעשטעלט אויף אַ מלחמה־ריזיקע, קאָן זי פאָרט ניט שפּילן וואַ־באַנק, ווען אַמעריקע, ענגלאַנד און פראַנקרייך זענען דירעקט אַנגאַזשירט אין נאָענטן מזרח. רוס־לאַנד ווייסט גענוי וואָס עס קומט פאָר אין כינע און אַז אַלע כינעזישע מלחמה־צוגרייטונגען גילטן ניט קעגן אַמעריקע, נאָר קעגן סאָוויעט־רוסלאַנד.

דער עגיפּטישער קריגס־מיניסטער, וועלכער איז פּלוצעם אָנגע־קומען קיין מאָסקווע, איז באַגלייט געוואָרן פון אַ גרויסער גרופּע מיליטערישע עקספּערטן. צו אַ מלחמה געהערט היינטיקע צייטן זייער אַ גרויסע באַוואָפענונג. מען קאָן זיך אָנשטויסן, אַז די עגיפּ־טישע עקספּערטן האָבן מיטגעבראַכט אַ שיינע רשימה פון מכשירים וואָס די עגיפּטישע אַרמיי דאַרף האָבן. אַלץ וואָס סאָוויעט־רוסלאַנד

האָט ביז איצט מאַסנווייז געשיקט קיין עגיפּטן, געפינט זיך מסתמא אויף אַלע אַנדערע עגיפּטישע פראָנטן: אין תימן, אין סאַוד־אַראַ־ביע א. א. וו.

מען דאַרף נאָך אַלעמען האָבן איינזעעניש מיט דער סאָוויעטן־רעגירונג: זי מוז שיקן אַ מאַסע אַמוניציע קיין וויעטנאַם. זי מוז שיקן אַן אויפהער אַמוניציע קיין אַלזשיר. זי האָט די לעצטע חדשים געשיקט מאַסן אַמוניציע קיין עגיפּטן און קיין סיריע. זי האָט אַזוי פיל פאַרפליכטונגען גענומען אויף זיך צו שטיצן דעם „אַראַבישן סאָציאַליזם", אַז עס וועט פאַר איר ניט זיין גרינג צו באַפרידיקן אַלע פאָדערונגען פון נאַסערן, שוקיירי און אַנדערע העלדן פון דעם אַראַבישן סאָציאַליזם. דאָס אָנקומען פון דער עגיפּטישער מיליטערישער דעלעגאַציע קיין מאָסקווע איז אַן אָנטייט, אַז אין מאָסקווע איז אפשר ניט אַלץ אין אָרדענונג אויף דעם עגיפּטישן פראָנט. נאַסער איז צוויי מאָל געשלאָגן געוואָרן פון יידישע אַרמייען און געשלאָגן צו ווערן אַ דריט מאָל וואָלט ניט געווען שיין פאַר עגיפּטן, ניט פאַר סאָוויעט־רוסלאַנד, איר געטרייען פאַרבינדעטן.

מען האָט זיכער געזאָגט אין מאָסקווע די געסט, אַז נאַסער האָט דאָס מאָל איבערגעכאַפּט די מאָס מיט זיינע בלאָפערישע סטראַשונקעס און אָרגאַניזירט זיין געפערלעכע פּראָוואָקאַציע צו אומגעלומפּערט, צו שנעל. אַלע קלאַנגען, פאַרשפּרייט פון קאַיראָ וועגן דעם, אַז מען וועט אָפּשטעלן דעם עקספּאָרט פון אייל פון די אַראַבישע לענדער, זענען ניט נאָר לעכערלעכע בלאָפערייען, נאָר קאָנען האָבן קאַטאַסטראָפאַלע רעזולטאַטן פאַר די אַראַבער. עס איז דאָ גענוג אייל אויף דער וועלט און מען וועט זיך קאָנען באַגיין אָן די אַראַבישע קוואַלן. די אַראַבישע לענדער וועלן קאָנען אַליין זיך זאַט אָנטרינקען מיט דעם אייל פון זייערע קוואַלן, אָבער זיי וועלן אויסגיין פון הונגער, אויב זיי וועלן ניט האָבן קיין אַרבעט און ניט קאָנען פאַרקויפן זייער אייל.

עס זענען דאָ הונדערטער פּראָבלעמען וואָס זענען פאַרבונדן מיט דער „הייליקער מלחמה" וואָס די מחמדאַנער האָבן פּראָקלאַמירט, ניט וויסנדיק מיט וואָס דאָס איז פאַרבונדן. פאַר דער

וועלט איז היינט וויכטיק צו וויסן, אַז פופציק יאָר נאָך דער סאָוויע־טישער רעוואָלוציע דערקלערט מאָסקווע, אַז פון איצט אָן וועט דער סאָוויעטישער סאָציאַליזם גיין האַנט ביי האַנט מיט דעם אַראַ־בישן סאָציאַליזם. אַז אַ פאַראייניקטער רוסיש־אַראַבישער נאַציאָ־נאַל־סאָציאַליסטישער פראָנט איז גרייט אויפצונעמען דעם קאַמף מיט דעם אייראָפּעאישן און אַמעריקאַנישן פראָנט אויף טויט און לעבן.

(„פרייע אַרבעטער שטימע", דעם 1־טן יולי 1967)
(דער אַרטיקל איז געשריבן פאַרן ישראל־אַראַבישן קריג פון 1967)

## צוזאַמענטרעף אין מאָסקווע

נאָך אַ האַלב יאָר אַרומלויפן איבער אַלע קאָמוניסטישע לענ־דער — חוץ כינע און אַלבאַניע — נאָך דריי קאָנפערענצן אין בודאַ־פעשט און עטלעכע קאָנפערענצן אין וואַרשע, נאָך דעם שפּיי אין פּנים וואָס מען האָט באַקומען פון רומעניע און דעם גרויסן דורכפאַל אין פּראַג, נאָך די קאָנפערענצן אין סאָפיע און דרעזדן, נאָך טיטאָס העפלעכקייט־באַזוך אין מאָסקווע איז ענדלעך באַשלאָסן געוואָרן, אַז אין חודש נאָוועמבער וועט אין דער סאָוויעטישער הויפּטשטאָט פאָרקומען די גרויסע אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפערענץ פון די קאָ־מוניסטישע פּאַרטייען. עס איז ניט געווען קיין גרינג שטיקל אַרבעט: כמעט אַלע האָבן זיך געבעטן אויפצוגעבן אָדער אָפּלייגן די קאָנ־פערענץ, ווייל זינט די גרויסע „היסטאָרישע" יובל־פייערונגען, האָט מען ניט אויפגעהערט צו קאָנפערירן. אָבער עפּעס איז דאָ ביי דער קרעמל־פירערשאַפט, וואָס לאָזט זי ניט צו רו און זי דאַרף האָבן אַן אינטערנאַציאָנאַלע הסכמה. עפּעס קוועטשט אין שטיוול. וואָס קאָן דאָס זיין? דאָס פרעגן זיך אפילו די קאָמוניסטישע לענדער.

עס קאָן ניט זיין די מורא, אַז בודאַפּעשט וועט נאָכטאָן פּראַג. כאָטש עס איז באַקאַנט, אַז קאַדאַר האָט זיך צו שטאַרק פאַרקוקט אויף פּראַג און אַז די איינציקע געטרייע משרתים געפינען זיך אין וואַרשע — אַזוי לאַנג ווי די עקסיסטענץ פון גאָמולקאַ און מאָטשאַר איז זיכער. די היסטאָרישע מוסר־רעדעס פון ברעזשניעוון און דאָס אַרויסשיקן אַן אַרמיי פון פּראָפּאַגאַנדיסטן אין רוסלאַנד גופא צו דרשנען וועגן דיסציפּלין, איז אַ באַוויז, אַז דער פּראָנט אין דער

היים איז ניט הונדערט פּראָצענט זיכער. אָבער דער קאַמף קעגן דער רוסישער אינטעליגענץ און די אינערלעכע „אומרועץ" געהערן ניט צו די גרעסטע זאָרגן פון דער סאָוויעטישער רעגירונג: אַזוי ווי אין דעם אַלטן רוסלאַנד, אַזוי ווערן געברויכט אין דעם נייעם, די אייגענע מיטלען: פּראָצעסן, געפענגענישן, געהיימע פּאָליטישע פּאָליציי, סיביר א. א. וו. דאָס נייע רוסלאַנד באַנוצט זיך מיט די מיטלען מער עפעקטיוו און אַ סך מער ווי דאָס אַלטע.

ווי באַקאַנט, פירט סאָוויעט־רוסלאַנד צוזאַמען מיט אַנדערע קאָמוניסטישע לענדער אַ מלחמה קעגן אימפּעריאַליזם, אַ מלחמה אויף טויט און לעבן. הויפּטזאַכלעך קעגן די פאַראייניקטע שטאַטן, וואָס זוכן ניט און דאַרפן ניט האָבן קיין שום לאַנד, קיין שום נייע טעריטאָריעס. דער רוסישער אַלאַרם איז ניט נאָר אַ לעכערלעכע בלאָפעריי און די פּראָפּאַגאַנדע איז זינלאָז, אַז מען מוז זיך פרעגן צי די מענטשן אין קרעמל גיבן זיך אָפּ אַ דין וחשבון וועגן דעם איינדרוק וואָס זייערע רייד וועגן אַמעריקאַנער אימפּעריאַליזם מאַכן אויף דער אויסערלעכער וועלט: סאָוויעט־רוסלאַנד קעגן עקספּאַנסיע!

עס איז מער ניט קיין סוד אַז די רייזע פון קאָסיגין קיין איראַן מיט אַ באַזוך ביים פּערסישן שאַך און די לאַנגע רייזע פון גרעטשקאָ, דעם שעף פון רוסישן גענעראַל־שטאַב, האָבן צו טאָן מיט גרויסע עקספּאַנסיע־פּלענער פון סאָוויעט־רוסלאַנד אין נאָענטן מזרח. מיט אַ פאַרזוך אַריינצודרינגען וואָס טיפער, ביז צו די וואַסערן פון פּערסישן גאָלף. גרעטשקאָס באַזוך אין סיריע, איראַק און עגיפּטן, האָט פריער פון אַלץ צו טאָן מיט די דאָזיקע נייע, וויכטיקע רוסישע עקספּאַנסיע־פּלענער. נאַטירלעך, דער באַזוך אין די אַראַבישע לענדער, דאָס אַריינברענגען צו זיי נאָך אַמוניציע און נאָך מיליטערישע „טעכניקער" איז אַן אויסגעצייכנטער קאַמופלאַזש. גרעטשקאָ האָט פאַרברענגט ביי די אַראַבער עטלעכע וואָכן, איז אַרומגעפאָרן דאָרט און אַ סך שטודירט די אַלגעמיינע לאַגע און די מעגלעכקייטן. זינט ענגלאַנד האָט באַשלאָסן זיך צוריקצוציען „פון יענער זייט פון סועץ" האָט איראַן און דער פּערסישער גאָלף באַ־

קומען פאַר רוסלאַנד אַ באַזונדערע צוציאונגס־קראַפט. פאַר דער קאָמוניסטישער אימפעריע עפענען זיך ביים קאַספּישן ים גרויסע מעגלעכקייטן און פּערספּעקטיוון...

שרייענדיק וועגן אַמעריקאַנער אימפעריאַליזם, פּילט די סאָ־וויעטן־רעגירונג ווי דער אַמעריקאַנער זעקסטער פלאָט אין מיט־לענדישן ים שטייט איר ווי אַ ביין אין האַלדז. און ווי אַ ביין אין האַלדז שטייט איר אויך מדינת ישראל, הגם די קליינע יידישע מדינה האָט ניט קיין שום פּרעטענזיעס צו קאָנקורירן מיט מאָסקווע. דער פאַקט אַליין, וואָס מדינת ישראל עקסיסטירט איז גענוג צו שרייען, אַז זי דינט די אימפעריאַליסטן, איז אַליין אימפעריאַ־ליסטיש.

דאָס וואָס איז געווען נאָך דעם געמיינעם אויפטריט פון גאָ־מולקאַ אין וואַרשע, האָט געדאַרפן איבערצייגן דעם קרעמל, אַז די וועלט האַלט אַן אויג אויף די געשעענישן פון נאָענטן מזרח. די סאָוויעטן־רעגירונג מעג יעדע וואָך פאַרגרעסערן די צאָל פון אירע קריגס־שיפן אין מיטלענדישן ים און מאַכן אַלע אירע אָפענע און געהיימע צוגרייטונגען צו דער גרויסער אַוואַנטורע, אָבער זי וועט קיינעם ניט אָפּנאַרן ווייניקער פון אַלעמען די אַראַבישע לענדער.

אונטער אַזעלכע אומשטענדן האָט די סאָוויעטן־רעגירונג חשק און קוראַזש צו לאָזן אירע אַראַבישע קליענטן אָנהייבן אַ נייע מלחמה, וואָס קאָן זיך ווידער ענדיקן מיט אַ קאַטאַסטראָפע.

איך האָב געפרעגט די פראַגע אַ גוט־אינפאָרמירטן מאַן, וועל־כער איז ערשט געקומען פון נאָענטן מזרח און קען ניט נאָר יש־ראל. זיין ענטפער איז געווען אַ גאַנץ קלאָרער:

„אפשר מאַך איך אַ טעות, אָבער איך גלייב ניט אַז אַ נייע מלחמה צווישן די אַראַבישע לענדער און ישראל קאָן פאָרקומען די ערשטע צוואַנציק יאָר. עס האָט ניט קיין שום ווערט די גאַנצע באַוואָפענונג. עס מעג זיין די בעסטע באַוואָפענונג וואָס די רוסן

וועלן צושטעלן, מיט זייערע טעכניקער אָדער אָן טעכניקער. די לענדער האָבן ניט דעם מענטשן־מאַטעריאַל״.

אויב דער שטאַנדפּונקט זאָל זיין אַ ריכטיקער, קאָן מען פאַר־שטיין נאָסערס רופן צו אַ נייער מלחמה נאָר ווי אַ מין רוסישע פּראָפּאַגאַנדע, כדי צו העצן און אַרויסרופן אַ פּאַניק, אָדער אַז סאָ־וויעט־רוסלאַנד איז גרייט אַליין צו פירן אַ „לאָקאַלע מלחמה״ אין נאָענטן מזרח, ווייסנדיק, אַז יעדע „לאָקאַלע״ מלחמה קאָן זיך אונטער די היינטיקע אומשטענדן פאַרוואַנדלען אין אַ „טאָטאַלער״ מלחמה.

מעג מען צווייפלען אין דעם. אין אַזאַ פאַל וואָלט די סאָוויעט־רעגירונג ניט געמאָטערט זיך אַזוי פיל אויף צו רופן די אינטער־נאַציאָנאַלע קאָנפערענץ.

עס אינטריגירט קאָמוניסטן ווי ניט־קאָמוניסטן צו וויסן, וואָס עס דאַרף געשען אויף דער מיסטעריעזער נאָוועמבער־קאָנפערענץ? די סאָוויעט־רעגירונג האָט אַלע שותפים צוגעזאָגט און פאַרזיכערט, אַז מען וועט קיינעם ניט קריטיקירן. קיינעם ניט צווינגען צו טאָן עפּעס וואָס ער וויל ניט. אַלץ אויף ניט, אָבער וואָס וועט מען יאָ טאָן? וואָס וועט מען יאָ דיסקוטירן, דאָס בלייבט דערווייל אַ סוד, וועגן וועלכן מען וויל ניט רעדן.

איינס איז אָבער אַבסאָלוט קלאָר: פאַר דער גרויסער ריזי־קאַלישער אַוואַנטורע וואָס מען גרייט „אויף יענער זייט סועץ״, דאַרף מען זען ווי עס איז אויפצובויען ווידער אַלס דעקונג, דעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל. די פראַגער קאַטאַסטראָפע האָט באַוויזן, אַז ער עקסיסטירט ניט פּאַקטיש. די צוויי גרויסע קאָמו־ניסטישע פּאַרטייען, די איטאַליענישע און די פראַנצייזישע, זענען ביי זיך אין דער היים ענג פאַרבונדן מיט בירגערלעכע פּאַרטייען. זיי ווילן אַקטיוו זיך באַטייליקן אין פּאָליטישן לעבן פון זייערע לענ־דער און ניט זיין אַן אַגענטור פונעם קרעמל. מען קומט גערן צו די קאָמוניסטישע פעסטיוואַלן, אָבער מען וועט ניט נעמען אויף דער רייזע אַ היים קיין רוים און פּאַריז אינסטרוקציעס.

אין ענגלאַנד, האָלאַנד, בעלגיע און אין אַ סך קליינע לענדער איז ניטאָ וואָס צו רעדן וועגן מאָסקווע.

וועגן די סקאַנדינאַווישע לענדער איז דאָ אַ סך צו רעדן, אָבער ס׳רוב וועגן גרויסע סקאַנדאַלן מיט ניי־אַנטדעקטן רוסישן שפּיאָנאַזש. דערפאַר שרייט די לעצטע צייט די „פּראַוודאַ״ צום רוסישן עולם: „ברידער, חברים, היט זיך פאַר שפּיאָנען, היט זיך פאַר טוריסטן, היט זיך אפילו פאַר אויסלענדישע קאָמוניסטן״!

נאָר מיט וואַרשע איז מאָסקווע זיכער. וואָס פאַר אַ טייערע חברים עס זענען מאָטשאַר, ציראַנקעוויטש און גאָמולקאַ! ניטאָ קיין געמיינהייט וואָס מען הייסט זיי אָפּטאָן און זיי זאָלן זיך אָפּזאָגן צו טאָן. זיי כאַפּן אפילו איבער די מאָס.

אָבער דאָס אַלץ איז ניט קיין ענטפער אויף דער פראַגע וועגן דער קומענדיקער קאָנפערענץ פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל אין מאָסקווע אין חודש נאָוועמבער. וואָס פאַר אַ סטראַטעגישע פּלענער ווערן אויסגעאַרבעט נאָך דער דערפאָלגרייכער רייזע פון גרעטשקאָ?

מסתמא וועט מען צוגרייטן אַ וויכטיקע „אידעאָלאָגישע דיסקוסיע״. מען האָט טאָקע שוין געפּראַוועט דעם הונדערט און פופציקסטן יובל פון קאַרל מאַרקס געבוירן ווערן. אָבער עס לאָזט זיך נאָך אַ סך זאָגן וועגן מאַרקסיזם און רעוויזיאָניזם. מען האָט דערביי אַרויסגעוויזן אַ געוויסע מאָס פון דעליקאַטקייט: אַלע האָבן אָנגעוויזן, אַז דער פאָטער פון קאַרל מאַרקס האָט אָפּגעשמדט די משפּחה, ווען דער גאון איז געווען אַלט פינף יאָר און אַלע האָבן פאַרגעסן צו דערמאָנען, אַז דער זיידע פון קאַרל מאַרקס איז געווען דער רב פון טריער. מיך האָט אויך געוווּנדערט, אַז קיינער פון די אמתע מאַרקסיסטן האָט ניט אַרייַנגעקוקט אין דעם באַנד פון מאַרקס אַרטיקלען אין דער „ריינישער צייטונג״. דאָרט זענען דאָ אַ היפּש ביסל מיאוסע אַרטיקלען וועגן יידן. מען וואָלט געקאָנט זאָגן, כמעט אַנטיסעמיטישע. האָבן מאָטשאַר און גאָמולקאַ נאָך ניט געלייענט מאַרקסן? אַ שאָד?

דערווייל גייען אָן וויכטיקע קאָנפערענצן אין מאָסקווע מיט אולבריכט און גאָמולקאַ, צוויי וויכטיקע זיילן פון אינטערנאַציאָ־נאַלן קאָמוניזם. איז דאָס דער אָנהייב פון די צוגרייטונגען צו דער נאָוועמבער־קאָנפערענץ? נייך, דאָס איז אַלץ קאַמופלאַזש.

אונדז אינטערעסירט די קאָנפערענץ וועגן נאָענטן מזרח.

(„לעצטע נייעס", דעם 5־טן מאַי 1967)

# קאָמוניסטן בונטעווען זיך קעגן מאָסקווע

עס איז פאַרט געקומען דער טאָג פון דער גרויסער אָפּרעכע־נונג מיט דעם רוסישן קאָמוניזם ווי אַן אינטערנאַציאָנאַלע כלומרשט סאָציאַליסטישע באַוועגונג. פון אַלע טיילן פון אייראָפּע קומען אָן באַריכטן וועגן אומרו און אָפענע רעוואָלטן אין קאָמוניסטישע אָר־גאַניזאַציעס. די אַראַביש־ישראלדיקע מלחמה האָט פלוצלינג גע־עפנט די אויגן פון יידישע און ניט־יידישע קאָמוניסטן און זיי האָבן דערזען פאַר זיך די געוואַלדיקע עוולות, וואָס די סאָוויעטישע גרויסמאַכט האָט זיך דערלויבט אין פאַרלויף פון פופציק יאָר. עס איז ניט דערפאַר וואָס ישראל האָט צעקלאַפּט די אַרמייען פון עט־לעכע אַראַבישע לענדער, ס'איז אויך ניט קיין באַוועגונג קעגן די געשלאָגענע אַראַבישע דיקטאַטאָרן, הגם אַלע זעען, אַז דאָס זענען אַלץ פּראָדוקטן פון פּאָליטישע אַוואַנטורעס. עס איז נאָר אַ באַווע־גונג קעגן דעם סאָוויעטישן קאָמוניזם, וואָס האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ ברוטאַלן פאַשיסטישן רעזשים און וויל אויסנוצן אַנדערע קאָמוניסטישע לענדער פאַר רוסישע עקספּאַנסיאָניסטישע און אימ־פּעריאַליסטישע אינטערעסן.

דער גרעסטער רעוואָלט איז אויסגעבראָכן אין דער ענגלישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. דאָ האָט די פירערשאַפט פון דער פּאַרטיי אַדורכגעפירט אויף דער גיך, אַ רעזאָלוציע וועגן ישראל ווי דער אַגרעסאָר — אונטערן דרוק פון קרעמל. אין דער פּאַרטיי זענען דאָ אַ סך יידן, אָבער דער רעוואָלט איז געקומען ס'רוב ניט פון זיי, נאָר פון די ענגלענדער. דער נאַסער־שווינדל וועגן ענגלאַנדס באַ־

טייליקונג אין דער מלחמה האָט אויפגעריסן דאָס געדולד. מצד נאַסערן איז עס ניט נאָר אַ שווינדל, נאָר אַ גאַנצע קאָמפּאַניע, הגם ער ווייסט, אַז די גאַנצע מעשה איז אַן אויסגעטראַכטער ליגן. בכלל איז די גאַנצע אַראַבישע פּראָפּאַגאַנדע געבויט אויף נאַרישע איינפאַלן און נאַרישע שווינדלערייען. נאַסער האָט איבערגעשפּילט דאָס מאָל און די ענגלישע קאָמוניסטן האָבן דאָס מער ניט געקאָנט פאַרטראָגן.

דער רעוואָלט פון דער ענגלישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי וועט האָבן ערנסטע קאָנסעקווענצן. מען האָט דערזען דעם רויטן פאַשיזם אין זיין גאַנצער סטרוקטור און אין זיין פּאָליטישן כולאַגאַניזם. מען האָט דערזען אַז די פּאַרטיי איז געוואָרן אַ שפּילצייג אין די הענט פון אַוואַנטוריסטן, וואָס די וועלט האָט עס זעלטן געזען און מען וויל ניט מער מיטמאַכן דעם שווינדל. פּופּציק יאָר איז איבער געגנוג פאַר דער געפערלעכער שפּיל.

כמעט דער אייגענער פּראָצעס פון אויסניכטערונג קומט איצט פאָר אין דער פראַנצייזישער און איטאַליענישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. ווי געזאָגט, איז עס ניט צוליב ליבע צו יידן און ניט צוליב פיינדשאַפט צו די אַראַבער. מען האָט קלאָר דערזען דאָס מערדערישע פּנים פון דער מאָסקווער קליקע און אירע אַוואַנטורעס. די איטאַליענישע רעגירונג וואָס וויל אָפּהיטן אירע פּעטראָלאינטערעסן אין די אַראַבישע לענדער, דרייט מיט דער צונג ניט אַהער און ניט אַהין. זי איז געצוווּנגען זיך פאַרהאַלטן „נייטראַל", אָבער דאָס גאַנצע פאָלק צוזאַמען מיט די קאָמוניסטישע מאַסן זענען אויפגעבראַכט און פאַרדאַמען די סאָוויעטיש־אַראַבישע קריגערישע מאַכינאַציעס, וואָס האָבן דערפירט צו דער מלחמה און צו דער אַראַבישער קאַטאַסטראָפע.

פראַנקרייך און די פראַנצייזישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך. וואַלדעק ראָשע, דער פירער פון דער פּאַרטיי, איז פאַרבונדן מיט דער אַנטי־גאָליסטישער אָפּאָזיציע, מיט וועלכער די פּאַרטיי איז אין אַ פּאָליטישן בונד. דאָס לאַנד, אַלע וויכטיקע פּאַ־

ליטישע גרופּירונגען און די קאָמוניסטישע קרייזן ווייסן, וואָס פאַר אַ ראָלע סאָוויעט־רוסלאַנד האָט געשפּילט אין אויפהעצן דעם אַראַ־בישן נאַציאָנאַליזם און אין באַוואָפענען די אַראַבישע לענדער. עס קאָן קומען צו אַן ערנסטער שפּאַלטונג אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

ווי באַקאַנט, האָט רומעניע זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט צוצו־שטיין צו דער סאָוויעטיש־אַראַבישער קאָאַליציע. די פירערס פון רומעניע האָבן פאַרלאָזן מאָסקווע אין מיטן פון אַ קאָמוניסטישער קאָנפערענץ. זיי האָבן ניט געמאַכט קיין פּראָ־ישראלדיקע דעקלאַ־ראַציע, אָבער זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו באַטייליקן זיך אין דעם שווינדל פון מאָסקווע און אין דער באַשולדיקונג, אַז אַמעריקע און ענגלאַנד זענען מיטשולדיקע אין דער מלחמה אויפן נאָענטן מזרח.

גאַנץ באַזונדערס איז אינטערעסאַנט דאָס, וואָס איז געווען אין יוגאָסלאַוויע. דאָ האָט טיטאָ, נאַסערס בוזעם־פריינד, געהאַנדלט אַזוי ווי מען האָט געקאָנט פון אים דערוואַרטן: שולדיק אין אַלעם איז ישראל. נאַסער, דאָס אומשולדיקע שעפעלע, איז געבעך אַ קרבן פון יידישער אַגרעסיע. אָבער גאַנץ יוגאָסלאַוויע האָט גענומען שטע־לונג קעגן עגיפּטן. עס איז פאַקטיש אַן אָפענע מאַניפעסטאַציע קעגן טיטאָ׳ן. עס איז פאַקטיש דאָס פּראָקלאַמירן פון טיטאָ׳ן פאַר אַ יוגאָ־סלאַווישן נאַסער.

דאָס איז אין אַלגעמיין די רעאַקציע פון דעם אייראָפּעאישן קאָמוניזם אויף דער סאָוויעטיש־אַראַבישער קאָנספּיראַציע. נאָך צען יאָר סאָוויעטישער „אַרבעט״ אין נאָענטן מזרח, נאָך דעם פּרווו צוזאַמענצומישן סאָוויעטישן קאָמוניזם מיט עגיפּטישן פּאַן־אַראַ־ביזם ווערט דעם אינטערנאַציאָנאַלן קאָמוניזם קלאָר, וואָס עס איז געבליבן פון סאָציאַליזם אין דער סאָוויעטישער קאָמוניסטישער פּי־רערשאַפט. נאָך דעם אויסנוצן פון דער אָרעמקייט און פאַרצווייפ־לונג פון די אומגליקלעכע אַראַבישע מאַסן, נאָך דעם קולטיווירן די דעמאַגאָגיע פון די פינצטערע אַראַבישע דיקטאַטאָרן, האָט זיך איצט סאָוויעט־רוסלאַנד אַנטפּלעקט פאַר דעם אינטערנאַציאָנאַלן קאָמוניזם אַזוי ווי עס איז אין דער ווירקלעכקייט...

עס איז אַ פראַגע, צי די פאַראַנטוואָרטלעכע פירערס פון די קאָמוניסטישע פּאַרטייען האָבן נאָך אַ ביסל געוויסן און שאַנד און ווילן זיך אָפּטרייסלען פון דער קאָנספּיראַציע. אין איר אָפיציעלער דעקלאַראַציע וועגן איבעררייסן די באַציאונגען מיט ישראל, דער־קלערט די פּוילישע רעגירונג:

„די פּוילישע רעגירונג האָט אין אָפיציעלע דערקלערונגען פאַר־נומען אַ שטעלונג וואָס פאַראורטיילט די אַגרעסיע פון ישראל קעגן דער פאַראייניקטער אַראַבישער רעפּובליק און אַנדערע לענדער, פאָדערנדיק תיכף אָפּצושטעלן די אַגרעסיע און אַרויסציען דאָס מיליטער פון די פאַרנומענע פּאָזיציעס פון 4־טן יוני 1967".

„די רעגירונג פון ישראל האָט ניט בלויז ניט אונטערגענומען אַזעלכע שריט, נאָר איגנאָרירנדיק עטלעכע מאָל די באַשלוסן פון זיכערהייטס־ראַט, וואָס האָט גערופן אָפּצושטעלן די מלחמה־אָפּע־ראַציעס, עקשנותדיק וויטער געפירט די אַגרעסיע, שטעלנדיק זיך פאַר אַ ציל אַראָפּצוואַרפן די פּראָגרעסיווע רעגירונגען פון דער פאַראייניקטער אַראַבישער רעפּובליק און פון סיריע און אונטער־וואַרפן די אַראַבישע לענדער דער הערשאַפט פון נעאָ־קאָלאָניאַליזם".

נו, אויב פאַר דער קאָמוניסטישער פּוילישער רעגירונג זענען די רעגירונגען פון סיריע און תימן פּראָגרעסיוו, איז דאָס אַ באַ־ווייז, אַז קיין טראָפּן פון געוויסן און שאַנד זענען ניט געבליבן אין וואַרשע. עס לוינט אפילו ניט אויסצוטענהן זיך מיט אַזאַ חברה.

דער פּראָצעס פון אויסניכטערן זיך פון אַ מאַסן־פּסיכאָז איז שטענדיק אַ לאַנגער און זייער אַ שווערער, בפרט אַז די מגפה האָט געדויערט גאַנצע פופציק יאָר. אָבער ווען עס קומט דער אָנהייב פון דער אויסניכטערונג, קאָן מען אים מער ניט אָפּשטעלן. די פאַר־פירטע מאַסן זענען איצט אַליין אין שטאַנד צו זען די סובסטאַנץ פון דער סאָוויעטיש־אַראַבישער קאָנספּיראַציע. סאָוויעט־רוסלאַנד האָט דעמאָנסטרירט אַ מין פאַן־סלאַוויזם און עגיפּטן אַ הונדערט־פּראָצענטיקן פאַן־אַראַביזם. זיי זענען ווערט איינס דאָס אַנדערע.ביידע געבויט אויף פאַרכאַפּערישע אַמביציעס, זענען זיי ביידע

אַזוי פּראָגרעסיוו ווי גאָמולקאָ, פּונקט ווי דער פירער פון פוילישן קאָמוניזם איז אַ סאָציאַליסט.

עס איז צו לאַכן, ווען די סאָוויעטישע פּראָפּאַגאַנדע רעדט וועגן יידישע גרויזאַמקייטן — אָבער עס איז גוט פאַר דער אויסניכטערונג פון דער מפּלה...

***

בשייכות מיט דער ישראל־אַראַבישער מלחמה און דעם אָנטייל פון מאָסקווע אין איר און אירע העצערייען נאָך איר, איז כדאי זיך אָפּצושטעלן אויף די ליגנס, וואָס די סאָוויעטישע פּרעסע קאָרמעט אירע געצוווּנגענע לייענערס.

אין איינעם פון די לעצטע נומערן פון „ניו־יאָרק טיימס" האָט רעסטאָן, דער באַרימטער מיטאַרבעטער פון דער צייטונג, אָנגעשריבן אַן אַרטיקל אונטערן נאָמען „וועגן דער קונסט פון ליגן". ער שרייבט וועגן דער סענסאַציאָנעלער זיצונג אין אָנ"ו און וועגן די רעדנערס. דער אַלטער זשורנאַליסט וואָס האָט שוין פיל אין זיין לעבן געהערט און געזען, קאָן ניט באַנעמען דעם תוך, די סובסטאַנץ פון דער אומפאַרשעמטער, גרענעצלאָזער ליגנערישער קאַמפּאַניע. ער רעדט וועגן דעם ניט מיט פאַרדרוס, נאָר מיט אַ געוויסער מעלאַנכאָליע: ווי איז דאָס אַלץ מעגלעך, פון וואַנען נעמט זיך אַזוי פיל גראָבקייט, צו וואָס וועט דאָס פירן?...

מען לייענט דאָס אַרטיקל און דאָס האַרץ ציטערט פון דעם וואָס אַלע מאָראַלישע, עטישע אימפּולסן פאַרשווינדן. ס'איז שווער צו באַגרייפן די דאָזיקע געפאַלנקייט. מילא. די געפאַלענע אַראַבישע פירערס שרייען און קוויטשען, קאָן מען דאָס פאַרשטיין. וואָס דען קאָן מען דערוואַרטן פון אַ נאַסערן, פון אַ שוקיירין, פון די גרעסערע און קלענערע זשוליקעס? אָבער אַזעלכע פאַרשוינען ווי דער מאַן וואָס זיצט אין פּאַריז, אין עליזיי־פּאַלאַץ און וואָס גאַנץ פראַנקרייך באַטראַכט פאַר אַן אָנשיקעניש, אָדער דאָס נישטיקע מענטשעלע אין דער אָנ"ו, וואָס ווילן זיי, וואָס פאַר אַ ליגנס פאַרשפּרייטן זיי?

קאָן מען פאַרשטיין, אַז פאַר אַלטע פען־לייט, וואָס האָבן דרך־ארץ פאַר דעם געדרוקטן וואָרט, איז דאָס אַ גרויס עגמת־נפש. גראָד בשעת קאָסיגין האָט זיך געטראָפן מיטן פרעזידענט דזשאָנסאָן און פּרובירט געפינען אַ געמיינשאַפטלעכע מענטשלעכע שפּראַך, זענען די „איזוויעסטיאַ" און „פּראַוודאַ" אַרויס מיט אַ מבול זידלערייען און כוליגאַנישע געשרייען. נאַטירלעך ווייסן זיי אַז ניט עגיפּטן מיט סיריע זענען געשלאָגן, נאָר אַז סאָוויעט־רוסלאַנד האָט פאַרלוירן די מלחמה, פאַרלוירן אויף אַ שענדלעכן אופן. אָבער דער פּרעזידענט פּאָדגאָרני זיצט אין קאַיראָ, זייער פּרעמיער־מיניסטער רעדט אין אָנ"ו כלומרשט רואיק און געלאַסן, אָבער זיי, די בראָדיאַגעס וואָס באַהערשן די אָפיציעלע סאָוויעטישע פּרעסע, פירן זיך אויף ווי שיכורים, ווי איינפאַכע כוליגאַנעס פון דער גאַס. זייער שפּראַך איז ניט רוסיש, נאָר סיריש אָדער עגיפּטיש. זיי חזרן איבער די אויס־געטראַכטע ליגנס, וויסנדיק אַז פאַר אַלעמען איז קלאָר, אַז זייער צוועק איז נאָר אויפצוהעצן די אַראַבער און דערביי אויך אויפהעצן די רוסישע ניט־אינפאָרמירטע מאַסן. עס איז דער אמתער פּרעסע־באַנדיטיזם...

בעת דער עקסטראַ־אָרדינערער סעסיע פון אָנ"ו, האָט די סאָ־וויעטישע דעלעגאַציע גערעדט טעלעפאָניש: ניו־יאָרק — קאַיראָ, ניו־יאָרק — מאָסקווע. אַ קאָנטאַקט צווישן דער סאָוויעטישער דע־לעגאַציע און דער אַמעריקאַנער האָט געבראַכט, אויב ניט קיין פאַרשטענדיקונג צווישן זיי, איז אויף יעדן פאַל אַ געוויסע דער־נענטערונג. ביידע רעגירונגען ווילן ניט, אַז דער קריג אין נאָענטן מזרח זאָל פירן צו אַ דריטער וועלט־מלחמה. אָבער די מאָסקווער צייטונגען האָבן מסתמא געהאַט אַ דערלויבעניש אָדער דירעקטיווע אָנצוגיין ווייטער מיט דער קאַמפּאַניע פון כוליגאַנישע זידלערייען.

די בעלגראַדער צייטונג „באָרבאַ" האָט איבערגעגעבן דעם אַב־סורדאַלן קלאַנג, אַז פּאָדגאָרני און נאַסער האָבן אונטערגעשריבן אַן אָפּמאַך וועגן אַ מיליטערישן בונד צווישן סאָוויעט־רוסלאַנד און עגיפּטן — נאָך דער פאַנטאַסטישער מפּלה פון די אַראַבישע אַרמייען. עס איז אַן אַבסורד, וואָס קאָן אָבער מיינען, אַז די רוסישע אַרמיי

נעמט איבער די פירערשאַפט פון די אַראַבישע אַרמייען. דאָס חעצן פון די מאָסקווער צייטונגען קאָן אין דעם פאַל מיינען, אַז אַ געוויסער אמת איז יאָ דאָ אין דעם „קלאַנג״. עפּעס איז מסתמא געשען אין קאַיראָ בעת פּאָדגאָרניס באַזוך. וואָס־זשע מיינען אין דעם פאַל קאָסיגינס שמועסן, אויב ניט קיין פאַרהאַנדלונגען מיט פּרעזידענט דזשאָנסאָן?

דאָס אויפטרעטן פון דער רומענישער רעגירונג איז אַ וויכ־טיקע דעמאָנסטראַציע קעגן דער פּאָליטיק פון דער סאָוויעטן־רע־גירונג און אירע מעטאָדן. איר אויפטרעטונג איז אַ וואָרענונג צו סאָוויעט־רוסלאַנד, אָבער עס איז אַ פראַגע צי די וואָרענונג וועט העלפן.

אין דער שווייצאַרישער פּרעסע ווערט אָפּן גערעדט וועגן אַ נייער „יאַלטאַ״־קאָנפערענץ. מיר מיינען, אַז עס איז צו פרי צו רעדן וועגן אַ גרויסער קאָנפערענץ. די אַלע רייד וועגן דער כינע־זישער אַטאָמישער באָמבע זענען איבערגעטריבן. אין יאַפּאַן איז דאָ אַ מיינונג, אַז די כינעזישע מעלדונג וועגן דעם אויפרייס פון דער באָמבע איז מער פאַנטאַזיע ווי ווירקלעכקייט; עס איז מער אַן אויפרייס פון פּראָפּאַגאַנדע־ליגנס ווי פון אַטאָם־קראַפט. די שריי־ערישע פּראָפּאַגאַנדע סיי פון מאָסקווע, סיי פון פּעקין און סיי פון קאַיראָ איז געבויט ס׳רוב אויף פאַבריצירטע ליגנס, כדי די עפנט־לעכע מיינונג זאָל זיין וואָס מער צעטומלט און ניט וויסן אויף וואָס פאַר אַ וועלט מען געפינט זיך.

די „איזוויעסטיאַ״ און „פּראַוודאַ״ האָבן אין דער ליגן־פּראָ־פּאַגאַנדע איבערגעטאָנצט אַלע פּען־שווינדלערס. זיי מוזן באַטראַכט ווערן פאַר אַ גאַנץ באַזונדערער סכנה. אויב דער אינטערנאַציאָנאַ־לער פּען־קלוב אָדער פּרעסע־אינסטיטוט אין ציריך זענען פאַראינ־טערעסירט אין דער ריינקייט פון דער פּרעסע, בפרט אין היינטיקע צייטן, ווען עס איז דאָ אַזוי פיל הפקר און אַזוי פיל אומפאַראַנט־וואָרטלעכע שרייבערס, וואָלטן זיי געדאַרפט עפנטלעך אינטערווענירן און עפנטלעך פּראָטעסטירן קעגן דעם פּרעסע־כוליגאַניזם אין מאָסקווע.

אין אַלטע צייטן האָט רוסלאַנד געהאַט אַ שוואַרץ־מאה־צייטונג „זעמשטשינא" אַרויסגעגעבן אין פעטערסבורג פון די אָפיציעלע פאָגראָמשטשיקעס, אָבער קיין מענטש האָט די צייטונג ניט גענומען אין דער האַנט און קיין עפנטלעכע אינסטיטוציע האָט זיך ניט גערעכנט מיט די מיינונגען פון דער באַנדע. אָבער די „איזוויעסטיאַ" און „פראַוודאַ" וואָס זענען אַ סך נידעריקער און געמיינער פון דער „זעמשטשינא", זענען אָפיציעלע רוסישע פּרעסע־אָרגאַנען. זייער העצע און פראָפּאַגאַנדע טראָגן אַן אָפענעם קרימינעלן כאַראַקטער. זיי זענען אַ געפאַר פאַר דער וועלט.

(„פרייע אַרבעטער שטימע", דעם 1־טן אויגוסט 1967)

# מלחמה צוליב אַקאַדעמיקערס

צי דער אַמעריקאַנער סענאַט וועט זיין קאָנסעקווענט אין זיין עקשנות ניט צו דערלאָזן קיין פּריווילעגיעס און קיין קרעדיטן פאַר סאָוויעט־רוסלאַנד אַזוי לאַנג, ווי איר רעגירונג וועט ניט צוריק־ציען איר שאַנדיקן דעקרעט וועגן אַ ספּעציעלן שטייער אויף יידי־שע אַקאַדעמיקערס, וואָס ווילן פאַרלאָזן רוסלאַנד, אָדער דער סע־נאַט וועט נאָכגעבן, — מאָסקווע אָבער האָט שוין דעמאָנסטרירט פאַר דער גאַנצער וועלט, אַז די סאָוויעטן ווייסן ניט, וואָס ס'איז אַזוינס נאַציאָנאַלער כבוד און וואָס ס'איז אַזוינס שאַנד. אַזיאַטן זענען אַזיאַטן און מיט אייראָפּעאישער קולטור האָט מאָסקווע ניט קיין שייכות. מען וועט שוין ווי עס איז דורכקומען מיט דער קליקע, וואָס האָט זיך באַזעצט אין קרעמל. חוץ אַלעמען, האָבן יידן אין דער גאַנצער וועלט אַ היפּש ביסל אַקאַדעמיקערס.

וויכטיק פאַר אונדז איז איצט אויסצונוצן די געלעגנהייט, כדי צו דערמאָנען דעם עולם, אַז דער „קאָפּשטייער" אויף יידישע אַקאַדעמיקערס איז ניט קיין המצאה פונעם נייעם רעזשים. אין פאַרלויף פון אַ סך יאָרן האָבן רוסישע יידן געצאָלט אַ ספּעציעלן שטייער אויף כשר־פליש, „קאָראָבאָטשני סבאָר". מען האָט אַ מאָל געמאַכט אַ חשבון פון די אַלערליי רויבאָפּצאָלן — עס זענען געווען צוזאַמענגערעכנט הונדערטער מיליאָנען רובלס.

אָפּיציעלער רויב איז געווען אַ נאָרמאַלע זאַך בעתן מאָנאַר־כיסטישן רעזשים, אין דער צייט פון דער צאַריסטישער „סאַמאָ־דיערזשאַוויע" און די קאָמוניסטישע „סאַמאָדיערזשאַוויע" האָט

בירושה איבערגענומען דעם רויבערישן מעטאָד. אפילו די וויזע פאַרן אַרויספאָרן אין אויסלאַנד פון ניט־אַקאַדעמיקערס קאָסט דאָך הונדערטער רובלס אין היינטיקן קאָמוניסטישן רוסלאַנד.

אין די אַלטע צייטן, ווען די אויסוואַנדערונג פון רוסישע יידן פלעגט דערגיין ביז הונדערט און פופציק טויזנט נפשות אַ יאָר, פלעגן יידן אויסגעפינען, אַז עס איז אַ סך ביליקער און באַקוועמער צו „גנבענען די גרענעץ", ווי צו באַצאָלן פאַר אַן אויסלענדישן פּאַס. מען פלעגט פאַרלאַנגען פאַר די קינדער, וואָס האָבן אויס־געוואַנדערט מיט די עלטערן קיין אַמעריקע פאַר „ניט שטעלן זיך צום פּריזיוו", דאָס הייסט, צום מיליטער־דינסט, אַ שטראָף פון דריי הונדערט רובל, ניט מער און ניט ווייניקער. מיט די שמוג־לערס צו „גנבענען די גרענעץ" איז געווען טאַקע געפערלעך, אָבער מיליאָנען יידן האָבן זיך פאָרט געראַטעוועט פונעם רוסישן גיהנום...

די געשיכטע פון דער יידישער אויסוואַנדערונג פון רוסלאַנד איז פול מיט טראַגישע עפּיזאָדן, אָבער זי האָט פאָרט געפירט צו אַזוי פיל נייע און געזונטע ישובים, צו נייע גרויסע יידישע צענ־טערן אין צפון־אַמעריקע און אין דרום־אַמעריקע, דרום־אַפריקע און קאַנאַדע, לעבעדיקע, פרישע ישובים. די היינטיקע נייע אַנ־טיסעמיטישע פּראָפּאַגאַנדע איז אַזוי נאַריש, אַזוי אידיאָטיש מיט אירע רייד וועגן דעם, אַז יידן זענען ניט קיין פאָלק, אַז עס האָט ניט קיין זין אַפילו צו פּאָלעמיזירן מיט איר.

דער ענין „אַקאַדעמיקערס" אין רוסלאַנד איז בכלל ניט קיין נייער, האָט זייער אַן אינטערעסאַנטע פאַרגאַנגענהייט און מוז באַקאַנט ווערן גראָד איצט, ווען די קליקע אין קרעמל האָט גע־מאַכט דערפון אַ „קרעמל". די אַזוי־גערופענע „פּראָצענט־נאָרמע" פאַר יידישער יוגנט איז געווען פון אַלטע צייטן אַ שאַנד־פלעק אויפן רוסישן נאָמען, אָבער דער נייער רעזשים האָט שטילערהייט אין אַ געוויסער מאָס פּראַקטיצירט די אייגענע דיסקרימינאַציע בנוגע יידן, וועלכע האָבן געוואָלט אַריינטרעטן אין אוניווערסי־

טעטן: צו פיל יידן האָבן געוואָלט באַקומען הויכע בילדונג. דאָס האָט ניט געפּאַסט איוואַן איוואַנאָוויטשן...

דער שרייבער פון די שורות דערמאָנט זיך זיין יוגנט אין אַלטן רוסלאַנד. פינף יאָר האָט עס גענומען, ביז איך בין אַריין אין דער גימנאַזיע צוליב דער פּראָצענט־נאָרמע, ווייל צו די אַריינ־טריטס־עקזאַמענס האָבן זיך געשטעלט אַ דרייסיק קריסטלעכע קינדער און ניט ווייניקער פון דעם יידישע קינדער, אָבער פון די יידישע קינדער האָט מען גענומען נאָר צען פּראָצענט, געוויינט־לעך צוויי בחורים, ס'רוב קינדער פון רייכע עלטערן. ווען איך האָב געענדיקט די גימנאַזיע און אַ הויכער באַאַמטער האָט מיך געפרעגט, צי איך שיק מיינע פּאַפּירן אין אוניווערסיטעט, ווו ס'איז אויך פּראַקטיצירט געוואָרן אַ פינף־פּראָצענטיקע נאָרמע„ דאָס הייסט, פינף יידן אויף הונדערט ניט־יידן — האָב איך אים מיט גרויס כעס געענטפערט, מיט אַ רוסישער ברכה, וואָס לאָזט זיך ניט דרוקן, וואָס איר זין איז אָבער געווען אַזאַ:

— ניין, איך האָב אין דער ערד אייערע אוניווערסיטעטן. איך וועל זיך ניט דערנידעריקן און וועל פאָרן שטודירן קיין בערלין...

נאָכן פאַרענדיקן מיינע שטודיען אין בערלין אין עטלעכע יאָר אַרום און בשעת דער קורצער רעוואָלוציע פון 1905, ווען די פּראָצענט־נאָרמע איז אַ געוויסע צייט ניט פּראַקטיצירט געוואָרן, האָב איך פאָרט שטודירט אַ היפּש ביסל יאָרן אין דעם פּעטערס־בורגער אוניווערסיטעט.

די היינטיקע קאָמפּאַניע פון דער סאָוויעט־רעגירונג האָט פאַר אַ צוועק אַרויסצופּרעסן געלט פון יידישע אַקאַדעמיקערס. לויט דער בייזווילליקער אַנטי־יידישער פּאָליטיק פון דער היינטיקער סאָוויעט־רעגירונג, וואָלט זי גערדאַרפט צוצאָלן יעדן יידישן אַקאַדעמיקער, וואָס פאַרלאָזט רוסלאַנד, ווייל די פּאָליטיק פון צוואַנג־אַסימילאַציע און צונישט־מאַכן אַלע יידישע קולטור־דערגרייכונגען איז אַ שווינדל, וואָס האָט זיך ביז איצט ניט איינגעגעבן גרעסערע און עלטערע קול־טור־פעלקער, ווי דאָס מאָנגאָליש־רוסישע פאָלק איז.

אויב סטאַלין האָט געקאָנט אויסהרגענען אַלע יידישע שרייַ־בערס, אויב מען האָט געקאָנט פאַרניכטן אַלע יידישע לערנשולן, אויב מען לאָזט ניט צוגרייטן קיין רבנים און חזנים, אויב מען פּרוווט אָפּמעקן אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות מיט יידישקייט, אויב דער רוסישער כאַם גרייסט זיך מיט זיין ק. ג. ב. און פאַרשיקט אויף קאַטאָרגע אָדער אין הייזער פאַר משוגעים זיינע גרויסע שרייבערס, — דאַרפן מיר זיך ניט נעמען צום האַרצן דעם רויב פון דעם יידישן פאַרמעגן אונטער דעם פּרעטעקסט, אַז עס האָט געקאָסט צו פיל געלט די רויבערס דאָס צוגרייטן די יידישע אַקאַדעמיקערס. דער יום־הדין וועט קומען אויך פאַר סאָוויעט־רוסלאַנד.

(„פרייע אַרבעטער שטימע", דעצעמבער 1972)

## רוסיש־אויסלענדישע פּאָליטיק

ווי קאָן מען האָבן טענות צו די, וואָס באַפּאַלן פּרעזידענט ניקסאָנס באַזוך אין מאָסקווע און די אַלערליי קאָנצעסיעס, וואָס ער גיט דער סאָוויעט־רעגירונג, כדי צו קומען צו אַ פאַרשטענדיקונג מיט איר און אויסמיידן אַ געפערלעכן קאָנפליקט? ווי קאָן מען זיך פאַרהאַלטן רואיק, ווען מען לייענט אַן אָפיציעלע מעלדונג פונעם פּענטאַגאָן וועגן די נייע רוסישע מיליטערישע עראָפּלאַנען מיט דער מאָדערנסטער אַמוניציע פאַר סיריע?

די אַמעריקאַנער רעגירונג ווייסט זיכער וואָס סיריע איז, זי האָט געטויע אינפאָרמאַציע וועגן די סירישע צוגרייטונגען צו אַ מלחמה מיט ישראל. פריער איז דאָס געווען עגיפּטן, אָבער עגיפּטן איז ניט געווען געטונג אַגרעסיוו פאַר דמשק. נאָך דעם איז עס געווען ליביע, וואָס האָט אַ ים מיט געלט און איז ניט נאָר אַגרעסיוו, נאָר איז אויך פּראָוואָקאַטיוו און ווערט געהאַלפן פון פראַנקרייך, אָבער אַ פאַרבינדונג מיט ליביע איז אַ געפערלעכע אַוואַנטורע. סוף־סוף האָט סיריע געפונען דעם אמתן שותף, וואָס איז גרייט אויף אַלץ, איז אַגרעסיוו, פּראָוואָקאַטיוו, מאַרקסיסטיש, לעניניסטיש און איז אין שטאַנד צוצושטעלן די נייעסטע וואָפן, וואָס עגיפּטן האָט ניט געקאָנט באַקומען פון מאָסקווע. קאָן מען דען האָבן אַ בעסערן פאַר־בינדעטן? רוסיש־סירישער בונד!

מיר זאָגן ניט, אַז די מאָסקווער „טראַיקע" פירט באַוווסטזיניק אין באַד אַריין אי פּרעזידענט ניקסאָן, אי זיין יידישן טאַלאַנטירטן ראַטגעבער הענרי קיסינגער, וואָס מען קאָן זיך פאַרלאָזן אויף זיי.

מיר זאָגן נאָר, אַז ווען פּיאַטר דער גרויסער האָט געבויט פּעטערס־בורג, האָט ער געפּרוווט „עפענען אַ פענצטער קיין מערב־אייראָפּע", ווי די רוסן אַליין פאָרמולירן דעם אויפטו, אָבער לענין האָט דאָס פענצטער צוגעמאַכט, אַריבערגעטראָגן די הויפּטשטאָט קיין מאָסקווע און געעפנט טיר און טויער קיין אַזיע. דאָס האָבן די אַמעריקאַנער ניט פאַרשטאַנען. און דאָס איז דאָס וויכטיקסטע.

מיט אַזיאַטן — כינע און יאַפּאַן זאָלן מיר מוחל זיין — דאַרף מען רעדן אַזיאַטיש און ניט אייראָפּעאיש אָדער אַמעריקאַניש. מען פאַרשטייט דעם עגיפּטישן פּרעזידענט סאַדאַט, אויך ניט קיין ער־שטער קלאַס פּאָליטיקער, ווען ער דערקלערט, פאַר וואָס ער האָט אַרויסגעוואָרפן פון זיין לאַנד די רוסישע טעכניקערס און עקס־פּערטן: קיין וואָרט איז ביי זיי ניט קיין וואָרט, קיין רואיקע שעה האָט מען ניט פון זיי א. א. וו.

פון דער דאָזיקער דערקלערונג פון פּענטאַגאָן וועגן די נייע אַמוניציע־טראַנספּאָרטן זעט מען, אַז די אַמעריקאַנער רעגירונג איז גוט אינפאָרמירט, וואָס ס'איז אַזוינס דאָס היינטיקע סיריע און אין וואָס עס באַשטייען די אָפּמאַכן צווישן מאָסקווע און דמשק. די אָפּמאַכן זענען ניט אָפּגעשלאָסן, נאָר כדי די עגיפּטער זאָלן פּלאַצן פון כעס, פאַר וואָס זיי האָבן ניט געקאָנט אויספּרעסן פון די רוסן די אייגענע ספּעציעלע אָפענסיווע וואָפן. סאָוויעט־רוסלאַנד מאַני־פּעסטירט אָפן פאַר דער גאָרער וועלט, אַז איר פּאָליטיק אין דעם נאָענטן מזרח האָט זיך אויף אַ האָר ניט געענדערט נאָך די אַמערי־קאַנער באַזוכן אין מאָסקווע. די קאַטאַסטראָפאַלע גערעטעניש היי־יאָר האָט געצוווּנגען די סאָוויעטן איינצוקויפן קאָרן און ווייץ, ווו עס איז נאָר מעגלעך, אין קאָלאָסאַלע קוואַנטיטעטן. אַמעריקע האָט באַוויליקט אויך גרויסע קרעדיטן פאַר רוסלאַנד, כאָטש די אַלטע קרעדיטן זענען נאָך ניט באַצאָלט, קרעדיטן זינט דער צווייטער וועלט־מלחמה.

מען דאַרף ניט זיין אַנטי־רוסיש אָדער אַנטי־קאָמוניסטיש, כדי צו באַקומען דעם איינדרוק, אַז אַמעריקע פינאַנסירט אומדירעקט אין

אַ גרויסער מאָס די רוסישע אַמוניציע־אינדוסטריע, וואָס אַרבעט פאַר סיריע און איראַק. עס קלינגט ווי אַן אַבסורד, אָבער מען קאָן ניט קומען צו קיין אַנדערן אויספיר. לויט דער אַזיאַטישער לאַגע, איז אַן אָפּמאַך וועגן פרידלעכן צוזאַמענלעבן און אַנטוואָפענונג איין זאַך און די באַוואָפענונג מיט אַ פרעסע־קאַמפּאַניע קעגן דעם בייעם פריינד אַ צווייטע זאַך. מען פרעגט זיך נאָר: ווי לאַנג קאָן אַזאַ אָפּ־נאַרעריי אָנהאַלטן און ביידע צדדים זאָלן אַנגיין מיט רעדן אָן אַ שיעור וועגן „קאָאָפּעראַציע” און שלום? די קאָמעדיע שפּילט זיך דאָך אָפּ גאַנץ אָפן און אַלע זעען זי.

אַ מיאוסע ראָלע שפּילט דערביי די סאָוויעטישע אָפיציעלע פרעסע, וואָס איז דער איינציקער קוואַל פון אינפאָרמאַציע פאַר די מענטשן אין רוסלאַנד. די אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטן אין מאָס־קווע ווערן באַטראַכט פאַר אַ געפערלעכן עלעמענט און די באַפעל־קערונג ווערט געוואָרנט צו היטן זיך פון וועלכן ס׳איז קאָנטאַקט מיט זיי. די יעניקע, וואָס איגנאָרירן די וואָרענונגען און האָבן יאָ אַ פאַרבינדונג מיט קאָרעספּאָנדענטן אָדער טוריסטן, ווערן באַ־האַנדלט ווי פיינד פון רעזשים.

עס האָט זיך גאָר ניט געענדערט אין דעם פּרט אין מאָסקווע נאָך ניקסאָנס און קיסינגערס באַזוך, ווייל זיי האָבן אויך פאַרלאַנגט, צוליב זייערע אייגענע פּאָליטישע סיבות, אַז די פאַרהאַנדלונגען זאָלן געפירט ווערן אַזוי געהיים ווי עס איז נאָר מעגלעך.

די וואַל־קאַמפּאַניע פאַר דער פּרעזידענטשאַפט אין אַמעריקע האָט ניט ווייניק בייגעטראָגן צו אַ ניט זייער פיינער אַטמאָספער אַרום די נייע רוסיש־אַמעריקאַנער באַציאונגען. די אומדערוואַרטע אָפיציעלע מעלדונגען אין וואַשינגטאָן וועגן די רוסישע אַמוניציע־ליפערונגען צו סיריע באַווייזן אָבער, אַז אַמעריקע פאַרלירט ניט דעם קאָפּ. דער פאַרטרעטער אירער אין אָנ״ז איז זייער אַקטיוו אין דער דעבאַטע וועגן אינטערנאַציאָנאַלן טעראָר. די רעגירונג אין וואַשינגטאָן האָט אָנגעטייט, אַז זי אַליין האָט שוין אָנגענומען גע־וויסע מאָסמיטלען פון זייער אַן ערנסטער נאַטור און אַז אויב די

אָנ"ו וועט בלייבן נייטראַל אין דער באַנדיטן־קאָמפּאַניע פון די אַראַ־בער און די רוסן פאַר דעם טעראָר — אַן אָפּזאָג צו באַטייליקן זיך אין דעם קאַמף קעגן דעם טעראָר מיינט אין דער ווירקלעכקייט אַ שטים פאַר דעם טעראָר — וועט געשאַפן ווערן אַ גאַנץ נייע פּאָליטישע לאַגע, עס הייסט אַ נייע אינטערנאַציאָנאַלע פּאָליטישע לאַגע.

אויב די מאָסקווער רעגירונג באַטראַכט די וועלט ניט מיט די אויגן פון אַ מאַליק אָדער פעדאָרענקאָ, וועט זי פאַרשטיין, וואָס עס מיינט די רעאַקציע פון דער עפנטלעכער מיינונג אין אַמעריקע קעגן אַזעלכע שטיק. אַ גאַנצע ריי „אינצידענטן" און 'עפּיזאָדן" בעת די גרויסע „נאַטאָ"־מאַנעווערס און רוסישן נאָכשפּיר האָבן אויך אַרויסגערופן ניט קיין קליינע אומרו אין וואַשינגטאָן. עס איז קלאָר, אַז מיר באַקומען צו וויסן נאָר אַ טייל פון די אינפאָרמאַציעס, וואָס די אַמעריקאַנער געפינען פאַר נייטיק צו לאָזן פּובליצירן.

דאָס, וואָס שפּילט זיך היינט אָפּ גאַנץ אָפן און מסתמא נאָך מער הינטער די קוליסן, האָט אַ דירעקטע און אומדירעקטע שייכות צו מדינת ישראל און יידישע אינטערעסן בכלל. סאָוויעט־רוסלאַנד באַטראַכט די דריי מיליאָן רוסישע יידן ווי אַן אייגנטום פון דער רוסישער מלוכה. פראַנק און פריי בליט דאָרט די אַנטיסעמיטישע ליטעראַטור און די אַנטיסעמיטישע אָפיציעלע פּרעסע. עס מוז פאַר אונדז זיין קלאָר, אַז ניט די גאַנצע קאָמפּאַניע ווערט געפירט נאָר כדי צו געווינען חן אין די אויגן פון די אַראַבער. סאָוויעט־רוסלאַנד אַליין האָט דערביי אין זינען אייגענע אינטערעסן...

מיר זענען עדות פון אַן אָפענעם פּרווו דורכצופירן אין רוס־לאַנד אַ צוואַנג־אַסימילאַציע קעגן יידן. די אָפענע פּראָוואָצירנדיקע אַנטי־יידישע פּאָליטיק רופט אַרויס אַן אַלגעמיינע יידישע מאָבילי־זאַציע קעגן סאָוויעט־רוסלאַנד. איוואַן איוואַנאָוויטש פאַרמעסט זיך צו אַ קאַמף, וואָס היטלער האָט פּראָקלאַמירט און איז נאָכן פאַר־ברענען מיליאָנען יידן אַליין פאַרברענט געוואָרן.

מיר זאָגן דאָס ניט, כדי אַרויסצורופן אַ פּאַניק ביי יידן אָדער

**אַן אַנטי־רוסישע קאַמפּאַניע, אָבער די אינפֿאָרמאַציעס, וואָס מיר באַקומען וועגן דער לאַגע פֿון דעם רוסישן יידנטום, שאַפֿן דעם איינדרוק, אַז דאָרט הערשט אַן אַטמאָספער — מיט דעם וויסן אָדער אָן דעם וויסן פֿון דער רעגירונג — פֿון אַ פּאָגראָם קעגן יידן. פֿאַר־אַנטוואָרטלעך פֿאַר דעם צושטאַנד איז נאָר די סאָוויעט־רעגירונג און דאָס דאַרפֿן מיר ווידער און ווידער ברענגען פֿאַר דער עפֿנט־לעכער מיינונג פֿון דער גאַנצער וועלט.**

(„פֿרייע אַרבעטער שטימע״, דעם 1־טן דעצעמבער 1973)

## נאָך פּופּציק יאָר קאָמוניזם

אַלץ וואָס איז פֿאַרבונדן מיט סאָוויעט־רוסלאַנד איז פֿאַר אונדז אינטערעסאַנט — באַלעט, טעאַטער, דער באַזוך פֿון קיסינגערן אין מאָסקווע, נייע אַרעסטן פֿון יידן, מאַסן פֿון רוסישע יידן, וואָס מען גיט זיי איצט אין די הונדערטער וויזעס אויף צו פֿאָרן קיין ישראל. אָט זעגען אין איין וואָך צייט אָנגעקומען קיין ישראל, טיילווייז דורך ווין און טיילווייז איבער בוקאַרעשט, מערערע הונדערטער יידן אין איין טאָג.

מיך אינטערעסירן שטאַרק די ידיעות אין יידישע און אין ניט־יידישע צייטונגען וועגן די יידן, וואָס פֿאָרן אַרויס פֿון רוסלאַנד. עס וווּנדערט מיך נאָר די דיסציפּלין פֿון די רוסישע עולים: מען רעדט ניט צו פֿיל, ריכטיקער געזאָגט, מען דערציילט ניט וועגן די יאָרן פֿון פּייניקונג און ליידן. נאָר פֿון צייט צו צייט כאַפּט זיך אַרויס עמעצער מיט אַ פּאָר צאָרנדיקע ווערטער, אָבער אויך זייער פֿאַרזיכטיק און זייער קורץ.

דאָס ניט־אָרגאַניזירטע שווייגן און פֿאַרשווייגן, בין איך זי־כער, איז ניט נאָר אַ סך־הכל פֿון מורא האָבן פֿאַר די מאַסן יידן, וואָס פֿאַרבלייבן אין רוסלאַנד. דאָס איז אויך ניט צוליב דעם, וואָס רוסישע כאַמסטוואָ און גראָביאַנסטוואָ ווערט דאָרט באַנוצט אויך אין די באַציאונגען מיט אמתע ניט־יידישע פּראַוואָסלאַוונע רוסישע קאָמוניסטן. ליידן פֿון רוסישן טשינאָווניק איז קיין מאָל ניט געווען דאָרט אַ יידישע פּריווילעגיע. איך האָב געלייענט אַ מאָל אין די מעמואַרן פֿון גראַף ד. ד. טאָלסטאָי, וועלכער איז אַ לענ־

גערע צייט געווען דער פרעזידענט פון דער קונסט־אַקאַדעמיע. יעדעס יאָר פלעגט זיין אַ גרויסע אויסשטעלונג, וואָס דער צאַר אַליין האָט געוויינטלעך געעפנט. דערציילט טאָלסטאָי, ווי אַלעקסאַנדער דער דריטער פלעגט קומען מיט זיין פרוי מאַריאַ פיאָדאָראָוונאַ, אַ געוועזענע דענישע פרינצעסין. זי פלעגט וועלן באַטראַכטן די בילדער, אָבער דער צאַר האָט נאָר מאַרשירט פאַרביי אויף גיך. זעענדיק ווי זיין פרוי, די קייזערין, האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ בילד, פלעגט ער ווערן אויפגעבראַכט און שרייען צו איר:

— מאַשאַ, אַהער, אַהער...

דער עולם, אַלץ די סמעטענע פון דער הויכער געזעלשאַפט, האָט ניט געוווסט וווהין אַהינצוטאָן זיך פון שאַנד, אָבער דער גראַביאַן האָט זיך ווייניק וואָס געקימערט וועגן דעם.

און ווי האָט זיך אויפגעפירט כרושטשאָוו אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון דער אָנ״ו? ער האָט אַראָפּגענומען אַ שוך, געקלאַפּט מיט דעם איבערן טיש און עפּעס געשריען אויף רוסיש. בעת אָט דער סצענע איז אין דער לאָזשע פאַרן פובליקום געווען מיינע אַ באַקאַנטע רוסישע פרוי. ווען איך האָב ביי איר געפרעגט, וואָס האָט ער, אייגנטלעך, געזאָגט, איז זי געוואָרן רויט ווי אַ בוראַק און געענטפערט:

— גאָט איז מיט אייך, ווי קאָנט איר פרעגן אַזאַ זאַך! עס איז געווען אַ שאַנד דאָס, וואָס ער האָט געשריען...

אַ מענטש, וואָס איז געבוירן און דערצויגן אין אַלטן רוסלאַנד און קען ניט דאָס נייע און דאָס נייעסטע רוסלאַנד, אַ מענטש, וואָס איז געווען אין אַ רוסישער שולע און אין אַ רוסישן אוניווערסיטעט, אָבער אויך געווען אַ קרבן פון אַ פּאָגראָם — מוז זיך דערמאָנען אין די רוסישע ספּעציאַליטעטן, ווען ער הערט די אינטימע באַריכטן פון די אַרויסגעשטויסענע פון רוסלאַנד און ער לייענט די קאָמוניקאַטן פון רוסלאַנד. אין דעם פּרט איז אינטערעסאַנט צו זען צוויי לעצטע רוסישע קאָמוניקאַטן געדרוקט דעם אייגענעם

טאָג: איין ידיעה איז פון אָדעס וועגן אָנקום פון דער ערשטער אַמעריקאַנער שיף מיט אַמעריקאַנער ווייץ און וועגן נאָך שיפן מיט ווייץ אין עטלעכע טעג אַרום.

די צווייטע מעלדונג איז פון מאָסקווע. נאָך אַ מאַניפעסטאַציע פון יידן האָט די פּאָליציי דורכגעפירט אויף די גאַסן מאַסן־אַרעסטן פון יידן, צווישן וועלכע עס געפינען זיך באַקאַנטע פּראָפעסאָרן, געלערנטע און אַלערליי אַזוי־גערופענע „אינטעלעקטואַלן"...

צו דער אינפאָרמאַציע וועגן די אַרעסטן ווערט צוגעגעבן אַ קורצע באַמערקונג פון גאָר אַ גרויסן ווערט: די אַרעסטן זענען דורכ־געפירט געוואָרן ווי אַ פּרעווענטיווער מיטל קעגן די שטערונגען בשעת די פייערונגען פונעם פופציקסטן יובל פון דעם סאָוויעטישן רעזשים.

עס איז מער ווי סימבאָליש, אַז גראָדביים פייערן דעם גרויסן יובל פון רוסישן סאָציאַליזם האָט מען ניט געקאָנט געפינען קיין בעסערע יום־טובדיקע מאַניפעסטאַציע, ווי אַ פּאָליציי־יאַגד אויף יידן. מען מעג צווייפלען, צי אפילו דער אַלטער רעזשים פון עכט־רוסישער סאַמאָדיערזשאַוויע וואָלט זיך דערטראַכט צו אַזאַ געמיינער באַנדיטסקער מאַניפעסטאַציע פון מלוכהשן אַנטיסעמיטיזם. אַ פּאָ־ליציי־ראַציאַ אויף יידן אויף די גאַסן פון מאָסקווע איז שוין פון לאַנג אָן געוואָרן אַן אָפטע געשעעניש, אָבער אַז מען זאָל זיך באַ־נוצן מיט „כאַפּן יידן" ווי אַ פּרעווענטיווער מיטל קעגן מעגלעכע שטערונגען פון די יובל־פייערונגען, האָט מען זיך קוים געקאָנט פאָרשטעלן.

עס וואָלט געווען לאָגיש און נאַטירלעך, ווען אין אַלע גרויסע צענטערן פון דער וועלט וואָלטן יידן און ניט־יידן פּובליצירט איצט זייערע מאַטעריאַלן וועגן די אויפטוען פון דעם רוסישן קאָמוניזם אין פאַרלויף פון די פופציק יאָר, וואָס מאָסקווע גרייט זיך צו פייערן. מיר זאָגן די גאַנצע צייט „יידן און ניט־יידן", ווייל די סאָוויעט־רעגירונג מאַכט אַן אָנשטעל, אַז די אָבסטרוקציע קעגן דעם סאָוויעט־רעזשים קומט נאָר פון יידן און דערפאַר פירט זי אַן

אַנטי־יידישע פּאָגראָם־פּאָליטיק. דער אמת איז, אַז דאָס גאַנצע לאַנד, „יידן און ניט־יידן“, געפינט זיך אין אַ גרויסער תפיסה און קאָן זיך ניט דערוואַרטן די שעה פון באַפרייאונג.

עס איז ניט קיין וואונדער, וואָס אַזוי גוט ווי די גרעסטע צאָל קאָמוניסטישע לענדער מאַכן אַלערליי אָנשטרענגונגען אויף פּטור צו ווערן פון צו פיל פריינדשאַפט מיט דער מאָסקווער קאָמוניס־טישער צענטראַלע, אפילו פון אירע טובות.

די צו אינטימע פאַרבינדונג פון דער איטאַליענישער פּאַרטיי און פון דער פראַנצייזישער פּאַרטיי מיט מאָסקווע האָט אויף שטענ־דיק קאָמפּראָמיטירט די באַוועגונג אין די לענדער און מאָסקווע פרוווט — אָן גרויסן דערפאָלג — אויסצומענטשלען זיך. דער קרעמל האָט ניט דערוואַרט אַזאַ רעאַקציע פון אויסלאַנד, ווי די אינקוויזיציע און דאָס געלט־אויספּרעסן פון יידן, וואָס פאַרן קיין ישראל, האָבן אַרויסגערופן אין דער וועלט...

(„פרייע אַרבעטער שטימע“, אַפּריל 1973)

# ברעזשניעווס אַמעריקע־וויזיט

דע־גאָל האָט איבערגעלאָזן זיין אַנטי־אַמעריקאַנער פּאָליטיק. פראַנקרייך איז נאָך שולדיק אַמעריקע אַ פּעקל פון עטלעכע הונדערט מיליאָנען אַלטע — אָבער זייער טייערע דאָלאַרן. אַמעריקע האָט נאָך אין פראַנקרייך אַ גרויסן „אינוועסטמענט" פון קברים פון סאָלדאַטן, וואָס זענען געפאַלן אין די צוויי וועלט־מלחמות, אָבער דאָס אינטע־רעסירט ניט דעם היינטיקן גאָליזם.

פרעזידענט ניקסאָן האָט זיך ניט געשעמט צו פאָרן קיין פּעקין און מאָסקווע און אָפן דאָרט זאָגן די רעגירונגען: „לאָמיר זיך אי־בערבעטן". אָבער דעם קראַנקן פּאָמפּידו האָט מען גענומען אין דעם קאַלטן איסלאַנד.

איז עס געווען נייטיק פאַר פּאָמפּידו צו פליען קיין איסלאַנד זיך צו טרעפן מיט פרעזידענט ניקסאָן? אין די קולואַרן פון פאַר־לאַמענט אין פּאַריז פרעגט מען זיך, צי די פירערס פונעם עליזיי־פּאַלאַץ טראַכטן טאַקע ערנסט, אַז פראַנקרייך קאָן צווינגען די פאַר־איייניקטע שטאַטן צו אַקצעפּטירן די פּרעטענזיעס פון דער פראַנצוי־זישער פּאָליטיק. מען פרעגט זיך:

— האָט גענעראַל דע־גאָל מיט זיין פּריוואַטער מלחמה קעגן אַמעריקע און דעם דאָלאַר עפּעס דערגרייכט?

דער ענטפער איז היינט קלאָר פאַר אַלעמען. דער דאָלאַר איז געפאַלן און דערמיט איז סטימולירט געוואָרן דער האַנדל צווישן אַמעריקע און אייראָפּע, וואָס איז אָנגעשטאָפּט מיט אַמעריקאַנער

דאָלאַרן. די פּרייזן פון די אַמעריקאַנער סחורות זענען ביי דעם היינטיקן צושטאַנד פון דער אַמעריקאַנער וואַלוטע ניט צו הויך. אַמעריקאַנער פּראָדוקציע איז ניט געפאַלן, דער אַמעריקאַנער עקס־פּאָרט איז שטאַרק געשטיגן. די אַנטי־אַמעריקאַנער פּראָפּאַגאַנדע האָט זיך אַרויסגעוויזן, ווי שטענדיק אין אַזעלכע פאַלן, אַ שטעקן מיט צוויי עקן.. מיט אַ ביליקן דאָלאַר קאָן דער אַמעריקאַנער עקס־פּאָרט פאַרפלייצן גאַנץ אייראָפּע מיט ערשטער קוואַליטעט אַמערי־קאַנער סחורות און פּראָדוקטן. דאָס קאָן מיינען אַן אמתער חורבן פאַר פאַרשידענע אייראָפּעאישע לענדער און אינדוסטריעס.

וועגן וואָס האָט מען פאַרהאַנדלט אין איסלאַנד? קיינער ווייסט ניט כלומרשט, קיינער קאָן ניט געבן קיין ענטפער. אין דער הויכער פּאָליטיק — אַטלאַנטיק־פּאַקט! — איז געשען דאָס, וואָס איז גע־שען אין דער עקאָנאָמיע: מען האָט אינטריגירט, מען האָט גע־פּרוווט דאָמינירן, מען איז דורכגעפאַלן און מען האָט פאַרטריבן די „נאַטאָ" פון פראַנקרייך. וואָס איז דער סך־הכל? פראַנקרייך איז געבליבן אַליין.

מיטן טויט פון דע־גאָלן האָט דער פּרווו פון פראַנקרייך צו דאָמינירן די אינטערנאַציאָנאַלע פּאָליטישע סצענע זיך ניט געענ־דיקט. קיינער פאַרשטייט ניט און ווייסט ניט, וואָס עס ווילן די יורשים פון דע־גאָלן. זיי ווילן „שפּילן אַ ראָלע". זיי ווילן געהערן צו די סופּער־גרויסמאַכטן. דע־גאָל האָט מיט פאַראַכטונג גערעדט וועגן איטאַליע. פּאָמפּידו מיינט, אַז ענגלאַנד האָט אַ קלענערן ווערט ווי פראַנקרייך פון היינט. „פראַנקרייך, פראַנקרייך איבער אַלעס", אַזוי ווי דייטשן האָבן געזונגען שטענדיק „דייטשלאַנד, דייטשלאַנד איבער אַלעס"...

דער אָנהייב פון אַ פאַרשטענדיקונג — און דאָס איז נאָר אַן אָנהייב! — צווישן וואַשינגטאָן, מאָסקווע און פּעקין האָט שוין גע־ענדערט די פּאָליטישע מאַפּע. עס קאָן קומען צו אַ סך נייע קאָמ־בינאַציעס, נייע פאַקטן, נייע פאַרבינדונגען, פון וועלכע עס וועט ניט צוקומען אַ סך געזונט פּאָמפּידון און זיין פּאָליטיק.

סאָוויעט־רוסלאַנד און אירע פירערס האָבן פאַרשטאַנען, אַז

מיט זייערע היינטיקע שותפים וועלן זיי ווייט ניט קומען. עפּעס האָט זיך געענדערט אין מאָסקווע. מיר ווילן ניט איבערטרייבן דעם באַטייט פון ברעזשניעווס ערשטן באַזוך אין וואַשינגטאָן און מיר דערוואַרטן ניט קיין ווונדער. אויב מאַליק בלייבט נאָך אַלץ אין דער שפּיץ פון דער סאָוויעטישער דעלעגאַציע אין אָנ״ו, אויב די סאָוויעטישע אַמבאַסאַדע אין פּאַריז מעג פּובליצירן אַ שמוציקע אַנטיסעמיטישע שריפט, אויב די אָפיציעלע סאָוויעטישע פּרעסע אין מאָסקווע דערלויבט זיך פון צייט צו צייט צו פירן אַן אַנטיסעמיטישע קאַמפּאַניע און די לאָקאַלע אַדמיניסטראַציע דערלויבט זיך פון צייט צו צייט אויף אַן אָפענעם כוליגאַניזם בנוגע דער יידישער באַפעלקערונג — קאָנען מיר ניט באַטראַכטן דאָס צונעמען פונעם פּאָליט־ביוראָ אַ מאַן ווי שעלעסט ווי אַ באַווייז פון אַ פריש־געבאַקענעם סאָוויעטישן הומאַניזם. מען נעמט אויף זייער פיין קיסינגערן, ווייל ער איז דער דעלעגאַט פון אַמעריקאַנער פּרעזידענט, אָבער דאָס איז אַלץ דעקאָראַציע.

די סאָוויעט־רעגירונג איז הינטערשטעליק, הונגעריק, אָרעם, אָפּגעריסן פון דער מאָדערנער וועלט־קולטור. די קולטור־וועלט האָט קיין מאָל ניט אָקצעפּטירט די מערדערישע מענטאַליטעט פון סטאַלינען און סטאַליניזם, אויך ניט אין זיין מילדערער פאָרעם פון כרושטשעוויזם. ברעזשניעוו מאַכט אַ וויכטיקן שריט, מען מעג זאָגן, אַן עקספּערימענט. ברעזשניעוו אינטריגירט די וועלט און ער ווייסט עס זייער גוט. דאָס ווייסט ניקסאָן, דאָס ווייסט קיסינגער. פון דעם דערפאָלג אָדער דורכפאַל פון דעם עקספּערימענט הענגט אָפּ דער גורל פון דריי מיליאָן רוסישע יידן.

אַ האַלבע וועלט איז געווען געשפּאַנט צוליב ברעזשניעווס רייזע קיין וואַשינגטאָן, ווייל צום ערשטן מאָל דאַרף ער מאַכן די ערשטע פּראָבן פון באַווייזן, אַז ער קומט פון אַן אייראָפּעאיש לאַנד, ניט פון אַזיע אָדער אַפריקע. עפּעס איז געשען אין מאָסקווע און דאָס „עפּעס״ איז ניט באַקאַנט, ניט קלאָר.

(„פרייע אַרבעטער שטימע״, אויגוסט 1973)

# פאַנאַטישער אַנטי־סאָוויעטיזם

לעאָניד ברעזשניעוו, דער ניי־געבוירענער סאָוויעטישער פּאַצי־פיסט, איז געזעסן: זינט אַמעריקע איז געקומען צו אַ געוויסער פאַרשטענדיקונג מיט פעקין און זינט די קאָמוניסטישע כינע איז אַרויס פון איר זעלבסט־איזאָלאַציע זענען די כינעזיש־רוסישע באַציאונגען שטאַרק פאַרשאַרפט און פאַרערגערט געוואָרן. צוזאַמען מיט ברעזשניעווס וויי־געשרייען וועגן דעם אַגרעסיוון כאַראַקטער פון דער נייער כינעזישער פּאָליטיק זענען מסתמא צוגעקומען אַ צען נייע רוסישע דיוויזיעס צו דער כינעזישער גרענעץ און פאַכ־מענער, דאָס הייסט, קענערס פון דעם ווייטן מזרח אין אַזיע האָבן מורא, אַז יעדע שעה קאָן אויסברעכן אַ רוסיש־כינעזישע גרויסע מלחמה. זיי „האָבן מורא", אָבער אין דער אייגענער צייט האַלטן זיי אַזאַ מלחמה פאַר אומפאַרמיידלעך („אינעוויטאַבלע"), אויב די רוסישע פּאָליטיק וועט זיך אָפּגעבן אַ חשבון הנפש באַצייטנס און וועט זיך ניט מאַכן קיין שום אילוזיעס געבויט אויף דער צאָל די־וויזיעס אָדער אפילו אויף דער אַטאָם־באַוואָפענונג...

די לאַגע אין דעם ווייטן מזרח פון אַזיע איז, לויט אונדזערע אינפאָרמאַציעס, באמת זייער ערנסט און ברעזשניעוו ווייסט זייער גוט פאַרוואָס ער שרייט צו דער וועלט וועגן דעם, אַז אין כינע הערשט אַ „פאַנאַטישער אַנטי־סאָוויעטיזם". די צוויי צדדים, די רוסן און די כינעזער, רעדן „צוויי פאַרשידענע שפּראַכן", דאָס הייסט, וועגן צוויי פאַרשידענע פּראָבלעמען; די רוסן זענען גרייט צו רעגולירן אַן עפּיזאָד, דאָס הייסט, אַ געוויסן לאָקאַלן קאָנפליקט,

בשעת די כינעזער האָבן אַ גרויסע פונדאַמענטאַלע טענה, רוסלאַנד זאָל זיך צוריקציען פון דער גאַנצער אמור געגנט, פון דער אַלטער כינעזישער טעריטאָריע וואָס איז מיט הונדערטער יאָרן צוריק אָקופּירט געוואָרן פון רוסישע קאָלאָניזאַטאָרן בשעת דער אַלטער כינעזישער רעזשים האָט זיך צוזאַמענגעבראָכן און איז איינגעפאַלן. די סאָוויעטישע מאַכט קאָן ניט באַשולדיקט ווערן אין דעם „פאַר־כאַפּן" כינעזישע טעריטאָריע, אפילו דער אַלטער רוסישער רעזשים פון „סאַמאָדיערזשאַוויע" האָט ניט געפירט דאָרט קיין מלחמה, נאָר באַשיצט די קאָלאָניזאַטאָרן און ניט דערלאָזט קיין פרעמדע מאַכט אַריינדרינגען אין כינע.

אויב עס זאָל חלילה קומען צו אַן אויפרייס אויף דער רוסיש־כינעזישער גרענעץ וועט עס זיין ניט ווייל די סאָוויעטן־מאַכט פאַרשטייט ניט די כינעזישע טענות, נאָר ווייל זי וויל זיי ניט פאַרשטיין. דאָס פּאַראַדאָקסאַלע דערביי באַשטייט אין דעם, וואָס דאָס ניט וועלן פאַרשטיין איז ערגער און געפערלעכער ווי דאָס ניט פאַרשטיין. מיר זעען דאָס אויף דעם רייצן זיך מיט דער יידי־שער עפנטלעכקייט. מען האָט זיך אָפּגעזאָגט, אונטער דעם דרוק פון אַמעריקע, פון דעם קאָפּ־שטייער אויף יידישע עמיגראַנטן. עס קומען אַ היפש ביסל רוסישע יידן קיין ישראל כמעט יעדן טאָג, אָבער אין סאָוויעט־רוסלאַנד גייט אָן אַן אינטענסיווע אַנטי־סעמיטישע קאַמפּאַניע. די סאָוויעטישע דעלעגאַציע ביי דער אָנ"ו איז אַ חברה בלוטיקע אַנטיסעמיטן וואָס נוצט אויס יעדע געלעגנ־הייט פאַר אַ העצע קעגן יידן, אַן אָפענע בייזוויליקע העצע.

עס איז דאָך קלאָר ווי דער טאָג, אַז אויף יעדער העצע און אויף יעדער כוליגאַנסטווע וועלן מיר ענטפערן מיט אונדזערער אַ העצע. דער סאָוויעטיזם איז פאַראַכטעט אין דער גאַנצער וועלט און פון אונדזער קעגן־העצע וועט אים קיין געזונט ניט צוקומען. פאַרוואָס־זשע טוען זיי דאָס? זיי טוען דאָס ווייל זיי ווילן ניט פאַר־שטיין זייער געמיינהייט. און נאָך אַלעמען קאָנען זיי ניט פאַרשטיין.

דאָס איז אויך כאַראַקטעריסטיש פאַר די היינטיקע רוסיש־כי־

נעזישע באַציאונגען. צי זיי ווילן ניט פאַרשטיין, אָדער זיי קאָנען ניט פאַרשטיין, אָבער די באַפעלקערונג פון כינע ווערט מיט יעדן יאָר גרעסער מיט עטלעכע צענדליגג מיליאָנען, אַ מאָל אפילו מיט פופציק מיליאָנען.

„דער אויפרייס איז געקומען אומדערוואַרט", ווען מען זאָגן שפּעטער, אָבער דאָס וועט זיין פאַלש, ווייל זינט דעם אָפּמאַך פון נערטשינסק מיט צוויי הונדערט יאָר צוריק איז דער אויפרייס דער־וואַרט יעדן טאָג. איצט ווייזט אויס איז די שפּאַנונג באַזונדערס גרויס. אין דעם געפערלעכן שפיל האָט רוסלאַנד קעגן זיך ניט נאָר כינע, נאָר אויך יאַפּאַן און אַמעריקע.

דאָס באַקלאָגן זיך פון ברעזשניעוון אויף דעם „פּאַנאַטישן אַנטי־סאָוויעטיזם" וואָס באַהערשט אַלץ מער דאָס קאָמוניסטישע כינע קומט הויפּטזאַכלעך פון דעם, וואָס ער געפינט זיך אין אַ קלעם אין דעם קרעמל. דאָ הערשן נאָך אַלץ רעשטלעך פון „פּאַנאַ־טישן סטאַליניזם". שרייבערס און וועלט־באַרימטע וויסנשאַפטסלייט, וואָס האָבן זייער אייגענע מיינונג וועגן דעם סאָוויעטישן רעזשים, ווערן נאָך אַלץ פאַרפאָלגט ווי שווערע פאַרברעכערס און אַריינגע־זעצט אין אַ משוגעים־הויז. ברעזשניעווס פאַרשטענדיקונג, אָדער כלומרשטע פאַרשטענדיקונג מיט אַמעריקע, ווערט באַטראַכט ווי אַן אידעאָלאָגישער פאַרראַט פון אמתן מאַרקסיזם־לעניניזם. קיינער וועט זיך ניט דאַרפן וואונדערן, ווען ער וועט אין אַ שיינעם פריי־מאָרגן איבערלייענען אין דער צייטונג, אַז דער רעזשים פון לעאָ־ניד ברעזשניעוו האָט זיך פאַרענדיקט און ער אַליין פאַרבלייבט אויף שטענדיק אויף זיין „דאַטשע". עס זענען היינט ניטאָ קיין סודות און אַלע ווייסן זייער גוט — יידן ווייסן דאָס בעסער פון אַלע אַנדערע — וואָס עס שפּילט זיך איצט אָפּ אין קרעמל און אין די קוליסן אַרום און הינטער דעם קרעמל. מאַדאַם פורצעוואַ, די פרוי, וואָס פאַרנעמט דעם פּאָסטן פון קולטור־מיניסטער איז נאָך אַלץ די בעל־הביתטע איבער דער, מישטיינס־געזאָגט, רוסי־שער קולטור און וויסנשאַפט.

דאַרף מען זיך ניט וואונדערן פאַרוואָס איז גראָד איצט דער

כינעזישער אַנטי־סאָוויעטיזם געוואָרן אַזוי אַגרעסיוו און מילי־טאַנטיש. עס איז ניטאָ קיין שום פּאַרטרויען צו קאָסיגינס און ברעזשניעווס פּאַציפיזם און הומאַניזם. עס איז ניטאָ קיין שום צו־טרוי צו דעם סאָוויעטישן רעזשים וואָס קאָן ניט „רעפאַרירט" אָדער „רעפאָרמירט" ווערן.

דאָס דעגראַדירן פון דער רוסישער אַגריקולטור און די סאָ־וויעטישע קאָלעקטיוויזאַציע זענען צוויי אַנטי־סאָוויעטישע עלע־מענטן וואָס זענען שטאַרקער פון יעדער אַנטי־סאָוויעטישער פּראָ־פּאַגאַנדע. נאַטירלעך וועט דאָס קאָמוניסטישע כינע אויסנוצן די געלעגנהייט און וועט אַריינברענגען דעם עלעמענט פון פּאַניק אַזוי פיל ווי מעגלעך ניט ווערנדיק קיין מלחמה־אַגרעסאָר און ניט זייענדיק דער ערשטער אָנצוהייבן אַ מלחמה.

ווי אין אַ סך אַנדערע פאַלן מישט זיך אַריין פראַנקרייך אין דעם רוסיש־כינעזישן קאָנפליקט. נאָך אַ ריי באַזוכן אין פּעקין פון וויכטיקע פראַנצייזישע פּערזענלעכקייטן, גרייט זיך איצט פּאָמפּידו אַליין צו פאָרן קיין פּעקין כדי צו זאָגן דאָרט, אַז „מיר זענען אויך דאָ". קיין שום פּאָליטישן ווערט האָט ניט דער באַזוך. די באַצי־אונגען צווישן פראַנקרייך און אַמעריקע זענען היינט ערגער ווי זיי זענען ווען עס איז פריער געווען. עס איז גוט וואָס כינע איז גוט אינפאָרמירט וועגן דער פּאָליטישער לאַגע אין אייראָפּע און דער פולשטענדיקער איזאָלירונג פון פראַנקרייך אין דעם נייעם גרויסן פּאָליטישן צענטער, אין בריסל.

אַנטי־סאָוויעטיזם איז היינט אַ וועלט־פּראָבלעם. פאַר דעם וועלט־יידנטום איז עס ניט ווייניקער אַקטועל ווי פאַר כינע, פאַר אַזיע און פאַר אייראָפּע...

(„לעצטע נייעס", דעם 26־טן אויגוסט 1973)

## פּאָליטיק און סטראַטעגיע

### סאָוויעט־רוסלאַנדס פּלענער און טאַקטיק

באַלד נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה איז מיר אויסגעקומען צו זיין אין אָטאַוואַ, די הויפּטשטאָט פון קאַנאַדע. ס'איז פאָרגעקומען דעמאָלט אין מאָנטרעאַל די גרינדונגס־קאָנפערענץ פון „אונראַ", וואָס האָט געדאַרפט ראַטעווען אייראָפּע פון דעם גרויסן היטלער־חורבן. אין דער שפּיץ פון דער אָרגאַניזאַציע האָט מען אַוועקגעשטעלט דעם באַקאַנטן יידישן שטאַטסמאַן לעמאַן, וועלכער איז פריער געווען עטלעכע מאָל דער גאָווערנאָר פון דעם שטאַט ניו־יאָרק און אַ גרויסער פירער פון אַמעריקאַנער יידנטום. עס האָט געלעבט מעקענזי קינג, דער באַרימטער פּרעמיער־מיניסטער פון קאַנאַדע. אָטאַוואַ האָט געשפּילט די ראָל פון אַ וויכטיקן פּאָליטישן וועלט־צענטער.

איך בין אָבער געווען פאַרכאַפּט פון גאָר אַן אַנדער געשעעניש: מען האָט געבראַכט פון ענגלאַנד קיין קאַנאַדע אַ טייל פון איינס פון די מערקווערדיקע בריקלעך, וואָס די ענגלישע אַרמיי האָט באַנוצט בשעת דער אינוואַזיע אין פראַנקרייך, וואָס איז געווען אָקופּירט פון דער דייטשער אַרמיי. די בריקלעך זענען געווען אַן ענגליש־אַמעריקאַנער דערפינדונג. זיי האָבן געדאַרפט העלפן די שיפן מיט די פאַרבינדעטע אַרמייען דורכפירן די אינוואַזיע און אויסמיידן אַ מאַסן־קאַטאַסטראָפע. ווי באַקאַנט, האָבן די דייטשן דערוואַרט די אינוואַזיע גאָר אין אַן אַנדער טייל פון דעם פראַנצייזישן ברעג. מען האָט מיט פאַרשידענע מאַנעוורן „אָפּגענאַרט"

די דייטשן. זיי האָבן זיך געכאַפּט ווען ס׳איז שוין געווען צו שפּעט און אַ גרויסער טייל פון דער אינוואַזיע־אַרמיי איז שוין געווען אין פראַנקרייך...

די דייטשן האָבן „אָפּגענאַרט" סטאַלינען ביים אָנהייב פון דער מלחמה. סטאַלין האָט בשום אופן ניט געוואָלט גלייבן, אַז היטלער וועט באַפאַלן סאָוויעט־רוסלאַנד, הגם די סאָוויעטישע גענעראַלן האָבן אים די גאַנצע צייט געוואָרנט און מיטגעטיילט וועגן דער קאָנצענטראַציע פון גרויסע דייטשע אַרמייען ביי דער רוסישער גרענעץ.

מען זאָגט, אַז ביי די גרעסטע רוצחים און גזלנים איז דאָ זייער אייגענע, אַזוי צו זאָגן, „מאָראַל", געבויט אויף זייער באַנדיטסקן געוויסן, אָבער מיר ווייסן גוט וואָס האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט די „מאָראַל" און דאָס געוויסן פון די צוויי מערדערס, פון דעם גרוזינישן און דעם דייטשן. די סאָוויעטישע מיליטערישע געשיכטע האָט כמעט מיט אַ גרויסער מערהייט אויף שטענדיק פעסטגעשטעלט, אַז אין דער גרויסער רוסישער קאַטאַסטראָפע ביים אָנהייב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז שולדיק נאָר סטאַלין, וועלכער האָט „אַלץ געקענט בעסער פון אַלעמען".

איצט זענען דערשינען אַ ריי ענגלישע ווערק פון מיליטערישע פאַכלייט אין ענגלאַנד, וועלכע אַנאַליזירן די געשעענישן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה און קומען צום אויספיר, אַז סיי היטלער אַליין, אָבער באַזונדערס זיינע גענעראַלן האָבן געמאַכט אַ גרויסן פונדאַמענטאַלן פעלער, מיינענדיק, אַז זיי וועלן אין אַ גאַנץ קורצער צייט „צערייסן אויף שטיק־שטיקלעך" די רוסישע אימפּעריע. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז וואָס גרעסער עס איז דער דייטשער „נצחון", אַלץ שטאַרקער ווערט דער רוסישער ווידערשטאַנד, אַלץ האָפענונגסלאָזער ווערט די צוקונפט פון דער דייטשער אַרמיי. אי היטלער אַליין, אי זיינע גענעראַלן האָבן סוף־סוף פאַרשטאַנען, אַז זיי האָבן פאַרשפּילט דעם שפּיל פון מאַסן־רויב און בלוט פאַרגיסן.

***

מיר וועלן זיך ניט אָפּשטעלן אויף די איינצלהייטן פון די נייע היסטאָריש־מיליטערישע ווערק וועגן דער צווייטער וועלט־מלחמה אפילו אויב מען לייענט זיי ווי אַ קרימינאַל־ראָמאַן, אפילו אויב מיר ווייסן וואָס זיי האָבן באַטייט פאַר דעם יידישן חורבן. מיר געפינען זיך איצט ערב דעם פאַרמעסט צווישן צוויי גרויסמאַכטן, סאָוויעט־רוסלאַנד און דאָס קאָמוניסטישע כינע.ביידע גרויסמאַכטן האָבן ריזיקע אַרמייען, ביידע באַוואָפנט ביז צו די ציין, ביידע פאַרזאָרגט מיט אַטאָמיש וואָפן, ביידע גרייט צו פאַרלירן מיליאָנען מענטשן. עס איז כמעט די אייגענע לאַגע ווי ס'איז געווען פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, מיט דעם אונטערשייד, וואָס די כינעזער זענען ביי זיך „אין דער היים" און די סאָוויעט־רעגירונג מיינט, אַז זי איז אויך „ביי זיך אין דער היים".

אויב עס וועט קומען צום פאַרמעסט וועט עס אָן שום צווייפל פירן צו אַ נייער וועלט־מלחמה, ניט יאַפּאַן און ניט די פאַראייניקטע שטאַטן וועלן קאָנען פאַרבלייבן נייטראַל און נאָר צוקוקן זיך צום שרעקלעכן בלוט־פאַרגיסן און ניט די נאַט"אָ וועט פאַרבלייבן אין אַ זייט. יידן זענען זיכער ניט קיין צד אין דעם אַזיאַטישן קאָנפליקט, אָבער מיר האָבן די דערפאַרונג פון די פריערדיקע מלחמות, אין וועלכע יידן האָבן ניט געהאַט קיין שום אינטערעס, אָבער געליטן און געבראַכט אָן אַ שיעור קרבנות.

עס איז שווער צו פאַרשטיין די נייע קאָמפּאַניע אין סאָוויעט־רוסלאַנד קעגן די גרעסטע וויסנשאַפטס־לייט און גאַנץ באַזונדערס קעגן די רוסישע יידן. צו דעם „ענין סאַכאַראָוו" און דעם „ענין מעדוועדיעוו" קומט ווידער צו דער „ענין סאָלזשעניצין" מיט נייע פּראָצעסן. מען פרעגט זיך צי דאָס משוגעת פון רוסישן רעזשים איז דער אָנהייב פון דעם פאַרמעסט מיט כינע? אַ גרויסע אויס־וואַנדערונג גייט איצט אָן פון דער אוקראַינע, ווו מען גרייט זיך אויך צו אַ פאַרמעסט מיט דעם רוסישן, דאָס מאָל קאָמוניסטישן אימפּעריאַליזם. סאָוויעט־רוסלאַנד האָט אַלץ פאַרגעסן און גאָר ניט געלערנט פון דער פאַרגאַנגענהייט, וואָס איז גאָר ניט אַזוי ווייט פון אונדז. יעדער טאָג ברענגט נייע באַווייזן, אַז דער רוסישער קאָ־

מוניסטישער רעזשים איז דאָס אייגענע, אָדער כמעט דאָס אייגענע, וואָס דער דייטשער נאַצי־רעזשים האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט. די סאָוויעט־רעגירונג מאָביליזירט קעגן זיך אַליין אַלע אָפּאָזיציאָ־נעלע כוחות, אַזוי ווי זי וואָלט געוואָלט פּראָוואָצירן אַן אויפרייס אין לאַנד איידער עס קומט צום פאַרמעסט מיט דער פרעמדער גרויסמאַכט.

פּאָליטיק און מיליטערישע סטראַטעגיע זענען צוויי פאַרשי־דענע עלעמענטן. דער פאַרזוך פון היטלערן צוזאַמענמישן די צוויי עלעמענטן האָט געפירט צו זיין שווידערלעכער מפּלה. איצט זעען מיר ווי די סאָוויעט־רעגירונג באַגייט דעם אייגענעם פאַטאַלן טעות. לויט דער נייער ליטעראַטור וועגן דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן היטלערס גענעראַלן פאַרשפּילט די מלחמה צוליב זייער איג־נאָראַנץ און פאַלשע חשבונות. און זיי, די דייטשע גענעראַלן, זענען דאָך געווען באַרימט מיט זייערע גרויסע קענטעענישן, אין ספּעציאַ־ליסט גרעסער פון דעם אַנדערן. חזרט זיך ניט ווידער איבער דאָס אייגענע אין רוסלאַנד היינט צו טאָג? קיין נאַט״אָ־אַרמיי וועט ניט קומען צו הילף, קיין אַמעריקאַנער אַרמיי וועט ניט קומען און זי־כער ניט קיין יאַפּאַנישע אַרמיי.

די דראַמע שפּילט זיך אָפּ פאַר די אויגן פון דער גאַנצער וועלט...

דער אַמעריקאַנער קאָרן, איינגעקויפט אין אַמעריקע אויף קרע־דיט, איז שוין אין סאָוויעט־רוסלאַנד. מען האָט פאַרזאָרגט דאָס לאַנד מיט ברויט און מסתמא וועט קיין מאַסן־הונגער אין גרויסע טיילן פון לאַנד ניט זיין. יעדנפאַלס ניט אין גיכן און ניט מיט אַ מאָל. אָן נייע קרעדיטן וועט דער סאָוויעטישער רעזשים סיי ווי סיי ניט קאָנען אויסקומען. דאָס אַמעריקאַנער יידנטום שטייט איצט פאַר דער אויפגאַבע אויפצונעמען דעם קאַמף קעגן דעם מערדערישן רעזשים. דאָס קאָן געטאָן ווערן נאָר מיט דער הילף פון דער גרוי־סער אַלגעמיינער עפנטלעכער מיינונג פון אַמעריקע און ניט אַלס אַ קאַמפּאַניע פון אַמעריקאַנער יידן קעגן דעם רוסישן פאָלק. דאָס

וואָס איז געשען די לעצטע וואָכן אין סאָוויעט־רוסלאַנד איז באַ־קאַנט דער גאַנצער וועלט. עס איז איצט וויכטיק, אַז די אַלגעמיינע רוסישע עפנטלעכע מיינונג זאָל זיך אָפּגעבן אַ חשבון וועגן דער אָפּענער שיער ניט אָפיציעלער פּאָגראָם־פּראָפּאַגאַנדע פון דער סאָ־וויעטישער אַדמיניסטראַציע און פּרעסע.

מענטשן מעגן שמייכלען אָדער לאַכן ווען זיי הערן רעדן וועגן אַן עפנטלעכער מיינונג אין סאָוויעט־רוסלאַנד. אַזאַ באַציאונג איז פאַלש. זי איז דערשטיקט און באַהערשט פונעם אָפיציעלן פּאַטריאָ־טישן כוליגאַניזם, אָבער זי איז דאָ און וואַרט נאָר אויף דער שעה פון באַפרייאונג. דעם גרויסן אינטערוויו, וואָס ברעזשניעוו האָט געגעבן דעם קאָרעספּאָנדענט פון „לע מאָנד” (פּאַריז, דעם 29־טן אויגוסט) מער ווי אויף אַ גאַנצער זייט, באַווייזט, אַז דער סאָוויע־טישער רעזשים געפינט זיך אין אַן אָפענעם קאַמף מיט דער אָפּאָ־זיציע, וועלכע קאָן ניט און טאָר ניט אונטערגיין.

(„לעצטע נייעס”, דעם 11־טן סעפּטעמבער 1973)

# דער פּראָצעס אין רוסלאַנד

מיר מיינען ניט דעם פּראָצעס פון יאַקירן און קראַסינען. מיר מיינען אויך ניט די סאָוויעטישע קאַמפּאַניע קעגן סאַכאַראָוון און סאָלזשעניצינען, מיט וועמען די סאָוויעט־רעגירונג גרייט זיך אָפּ־צורעכענען פאַר זייער אַטאַקע קעגן דעם היינטיקן סאָוויעטישן רעזשים, און מיר מיינען אוודאי ניט די קלענערע פּראָצעסן אין דער ריזיקער פּראָווינץ פון דער רוסישער אימפּעריע. די לאָקאַלע אַדמיניסטראַציע אין רוסלאַנד איז שטענדיק געווען אַ שטיק אַזיע אָדער אַפריקע.

מיר מיינען דעם גרויסן פּראָצעס וואָס ווערט געפירט פאַר די אויגן פון דער גאַנצער וועלט, ווו אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק זיצט דער קרעמל און דער סאָוויעטישער רעזשים, די אַלטע סטאַ־ליניסטן און די נייע, וואָס גרייטן זיך איבערצונעמען די מאַכט פון די אַלטע.

וואָס קומט פאַר אין היינטיקן רוסלאַנד? — מוז מען זיך פרעגן, ווערט די רעאַקציע פאַרשפּרייט איבערן לאַנד, ווייל די אַמעריקאַנער קרעדיטן לאָזן אויף זיך וואַרטן, אָדער ווייל מען האָט זיי שוין באַקומען און מען דאַרף שוין מער ניט צווייפלען, אַז מען וועט זיי באַקומען?

אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטן מעלדן, אַז ברעזשניעוו איז אויפגעבראַכט, שרעקלעך אויפגעבראַכט צוליב דעם, וואָס דער אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליזם לאָזט זיך ניט גרינג מעלקן און שטעלט

„באַדינגונגען" פאַר יעדע פאַר הונדערט מיליאָן דאָלאַרן. ברעזש־ניעוו האָט געמיינט, אַז אויב ער וועט נאָכגעבן אין דעם ענין פון אַ קאָפּשטייער פון יידישע עמיגראַנטן, וועט אַלץ זיין אין אָרדענונג און עטלעכע מיליאַרדן דאָלאַרן וועלן באַלד אינוועסטירט ווערן אין סיביר, כדי צו פּראָפּיטירן פון די נאַטירלעכע אוצרות פון אַזיע. די אָפּאָזיציע פון די רוסישע וויסנשאַפטסלייט אַפּעלירט צו דער וועלט ניט צוליב פאַרלייכטערונגען פאַר דער יידישער עליה, נאָר צוליב צוימען די אינקוויזיציע פון דער געהיימער פּאָליציי. רוסלאַנד געפינט זיך היינט, אַזוי ווי אין 1917, ניט נאָר פאַר אַ מיליטערישער קאָנפראָנטאַציע אין אַזיע, נאָר אויך ערב מעגלעכע ראַדיקאַלע איבערפאָרמירונגען. דער דיקער באַנד פונעם פיזיקער מעדוועדיעוו איז פול מיט שרעקלעכע רעוועלאַציעס וועגן די פאַר־ברעכנס פון דער געהיים־פּאָליציי. עס הערשט היינט ריינער סטאַ־ליניזם אין רוסלאַנד. קיין מענטש פילט זיך ניט זיכער. קיין מענטש, וואָס פאַרלאָזט זיין היים, כדי צו גיין צו דער אַרבעט, איז ניט זיכער, אַז ער וועט קומען בשלום אַ היים. דער רעזשים איז פאַר־כאַפּט פון אַ ספּעציעלן מין משוגעת.

דער אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליזם, ווי יעדער אַנדערער קאַפּי־טאַליזם, ספּעקולירט מיט אינוועסטירונגען ווו עס זאָל ניט זיין — אין אַפריקע, אין אַזיע, אפילו אין סאָוויעט־רוסלאַנד, ווו אַלע אינ־וועסטירונגען קאָנען אין איין שיינעם טאָג אַוועק מיטן רויך. קאַ־דאַפּי, דער העלד פון ליביע, „נאַציאָנאַליזירט" פרעמדע אונטער־נעמונגען אין נאָמען פון נאַציאָנאַלן יושר, אָבער ער באַצאָלט פאַר דעם געראויבטן פאַרמעגן מיט אָנגעזאַמלטע געלטער. דער סאָוויעט־רעזשים איז ניט אין שטאַנד אפילו דאָס צו טאָן. מיט די אַמערי־קאַנער געלטער וועט געשען דאָס, וואָס ס'איז געשען אין 1917 און 1918 מיט די פראַנצייזישע געלטער בעתן רוסישן בירגער־קריג. דעמאָלט איז עס געווען מצד דעם פראַנצייזישן ספּעקולאַנט אַ מין פּאַטריאָטישער זשעסט. מען קאָן זיך קוים פאָרשטעלן, אַז דער אַמעריקאַנער ספּעקולאַנט זאָל באַגיין די אייגענע נאַרישקייט.

די סאָוויעטישע רעגירונג און אפשר מער פון אַלע ברעזש־

ניעוו פאַרשטייט, אַז עס האַנדלט זיך איצט וועגן די עצם־יסודות פון רעזשים, וועגן באַפרייען רוסלאַנד פון דער פּאָליציי־דיקטאַ־טור, וועגן משוגעים־הייזער פאַר וויסנשאַפטסלייט און אַנדערש־דענקענדיקע מענטשן. עס איז דאָך געוועכט דער פראַנצייזישער קאָמוניסט גאַראַדי, וועמען די פּאַרטיי האָט אויסגעשלאָסן פון איר מיטגלידערשאַפט פאַר קריטיקירן דעם רעזשים, מיט זיין טענה, אַז סטאַליניזם האָט געהערשט די גאַנצע צייט און אַז עס איז ניטאָ קיין נעאָ־סטאַליניזם, ס׳איז אַלץ דער אייגענער רעזשים.

צונעמענדיק ביי זשאָרעס מעדוועדיעוו די רוסיש־סאָוויעטישע בירגערשאַפט, האָט דער קרעמל געטאָן אַ גרויסע טובה דער פּראָ־פּאַגאַנדע, וואָס ווערט איצט צעבלאָזן אין דער גאַנצער וועלט קעגן רוסלאַנד. מען מעג ספקן, צי דאָס וועט העלפן דעם קרעמל באַקו־מען אין אַמעריקע קרעדיטן און נייע אינוועסטירונגען אין פּלאַניר־טע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען.

דער פּראָצעס פון פּאַראַליזירן און פאַרניכטן דעם רעזשים פון סטאַליניזם נעמט מער צייט ווי די פּראָצעסן פון דער ק. ג. ב. קעגן די ניט־געהאָרכיקע אָפּאָזיציאָנערן פון דעם רעזשים. די דיקטאַטור און אינקוויזיציע פון דער ראָמאַנאָוו־דינאַסטיע האָט געדויערט עטלעכע הונדערט יאָר. דאָס רוסישע פאָלק און די אונ־טערגעדריקטע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן האָבן געליטן, אָבער אויס־געהאַלטן. דער לעניניסטיש־סטאַליניסטישער רעזשים דויערט שוין אויך מער פון אַ האַלב יאָרהונדערט. ווי לאַנג וועט אויסהאַלטן אָט דער רעזשים ?...

***

דער משפּט פון יאַיקרן און קראַסינען איז אין דער אמתן אַ טייל פון דעם גרויסן פּראָצעס וואָס גייט אָן קעגן דעם רעזשים. דער קרעמל וויל באַווייזן, אַז ער שרעקט זיך ניט אָפּ פאַר דער אָפּאָזיציע פון דער וועלט קעגן זיין רעזשים, אַז סטאַליניזם איז דער יסוד פון דעם רעזשים און אויב סטאַלין האָט געקאָנט לאָזן דערשיסן יאַקירס פאָטער, דעם יידישן גענעראַל יאַקיר, וועלכער

האָט געהאַט אַ גרויסן נאָמען אין דער רוסישער אַרמיי, זענען זיי, די תלמידים פון סטאַלינען, באַרעכטיקט צו באַטראַכטן זיין זון פאַר אַ פאַרברעכער. דער קרעמל האָט ניט מורא פאַר דעם יום־הדין און גרייט צו אַליין דעם באַשולדיקונגס־אַקט. דער פּראָצעס קעגן די צוויי איז אפשר גאָר ניט אַזוי שלעכט. ער האָט געעפנט די אויגן די, וואָס האָבן ביז איצט ניט געוואָלט זען די ווירק־לעכקייט...

(„פרייע אַרבעטער שטימע״, נאָוועמבער 1973)

# אַן געווינסן און אַן שאַנד

עס האָט, נאַטירלעך, ניט קיין שום זין צו רעדן בכלל וועגן מלחמה און מלחמה־קרבנות מיט דעם אָפיציעלן סאָוויעט־רוסלאַנד, בפרט נאָך מיט אַ קליקע אַלטע סטאַליניסטן. עס איז ניט קיין צייט פאַר טעאָרעטישע דיסקוסיעס וועגן סאָציאַליזם און באָלשעוויזם. די גרויסע מלחמה איז צוגעגרייט געוואָרן מיט דער הילף פון סאָוויעט־רוסלאַנד און סאָוויעטישע וואָפן. מען קאָן איצט רעדן נאָר וועגן פאַקטן, וועגן באַשטימטע פאַקטן, וועלכע סאָוויעט־רוסלאַנד אַליין קאָן ניט אָפּלייקענען.

עס איז דאָ אין דער היינטיקער מלחמה אין נאָענטן מזרח עפּעס ספּעציעלעס, וואָס איז שווער צו פאַרשטיין, וואָס מען מוז אָבער אויסגעפינען און פאַרשטיין. עס זענען ניטאָ נאָך קיין דריי יאָר ווי מצרים האָט אויף דעם גראָבסטן אופן פאַרטריבן די סאָוויעטישע „טעכניקער", ניט געבעטן זיי פאַרלאָזן דאָס לאַנד, נאָר פשוט אַרויסגעטריבן, אָנגעשפּיגן זיי אין פּנים און געהייסן פאַרשווינדן תיכף ומיד. די „טעכניקער", וואָס האָבן פריער געהאַט ערנסטע קאָנפליקטן מיט די מצרישע אָפיצירן און באַאַמטע האָבן געמוזט זיך אָפּטראָגן מיט אַ מאָל, אָן שום פאַרזוך צו רעדן און וואַרטן ביז דער צאָרן פון סאַדאַט, דעם פּרעזידענט פון מצרים, וועט פאַריבערגיין. אַ גאַנץ יאָר האָט געדויערט די „עוואַקואַציע" פון די פאַרטריבענע רוסן. זיי האָבן דאָך „באַזעצט זיך" אין מצרים אויף אַ לענגערער צייט מיט זייערע פרויען און קינדער, מיינענדיק, אַז זייער צייט־פאַרטרייב וועט דויערן אייביק.

דער צאָרן פון סאַדאַטן האָט אָבער זיך איינגעשטילט זייער גיך. מען האָט אָנגעהויבן צו האַנדלען און פאַרהאַנדלען. די סאָוויעטישע רעגירונג האָט אָפּגעווישט דאָס פּנים און אָנגעבאָטן איר דינסט סיריע און איראַק, צו צוויי לענדער, אין וועלכע דער נאָמען אַליין פון רוסלאַנד רופט אַרויס אַ ציטער פון האַס. און די נייע פאַרהאַנדלונגען האָבן געפירט צו אַ פאַרשטענדיקונג. דער הויפּט־געווינס פון די פאַרהאַנדלונגען, ווי מיר זעען דאָס איצט, איז פאָרט אַריינגעפאַלן מצרים. עס לאָזט זיך דערוויל גאַרניט אָפּשאַצן דעם ווערט פון דער מאָדערנסטער אַמוניציע אין געלט. ניט מצרים און ניט סיריע און ניט איראַק וואָלטן געקאָנט חלומען וועגן קויפן און באַצאָלן די קאָלאָסאַלע סומען פאַרן וואפן. דאָס באַצאָלט רוסלאַנד אַליין. סאָוויעט־רוסלאַנד זוכט אומעטום געלט און קרעדיטן פאַר די גראַנדיעזע אינדוסטריעלע פּראָיעקטן, אָבער דאָס וואָס מען האָט יאָ, גייט אַוועק אויף דער מלחמה פון די אַראַבער קעגן מדינת ישראל...

ווי קאָן מען דאָס אַלץ פאַרשטיין?

יאָ, מען קאָן דאָס פאַרשטיין אויב מען קען רוסלאַנד אפילו נאָר אויבערפלאַכלעך. דער אַלטער רוסישער רעזשים איז געווען ביז גאָר ברוטאַל און דעגענערירט, אָבער ער האָט פאָרט געהאַט אַ געוויסע טראַדיציע, ניט געוואָלט עפנטלעך מאַניפעסטירן זיין אַזיאַטישן כאַראַקטער, געוואָלט אויסזען ווי אַ רעזשים פון אַ קולטור־לאַנד, אַ פרעמדע קולטור, אָבער פאָרט אַ קולטור. דער נייער רעזשים האָט ניט קיין געוויסן און קיין שום קולטור. ער שעמט זיך ניט אפילו ווען דאָס קולטורלאָזע מצרים שפּייט אים אין פּנים אַריין און ער גיט אים אַוועק וואָפן פאַר הונדערטער מיליאָנען דאָלאַרן, זיין גאַנץ פאַרמעגן, נאָר כדי צו קאָנען באַפעסטיקן זיך ביים פּערסישן גאָלף.

דאָס היינטיקע רוסלאַנד, כלומרשט אַ פעדעראַטיווע אימפּעריע, אָבער אין דער אמתן אַ דעספּאָטישע צוזאַמענגעשטוקעוועטע מדינה אָן שום טראַדיציע, איז געגליכן צו דער אַמאָליקער עסטרייכיש־

אונגאַרישער אַפּאָסטאָלישער טאָפּל־מאָנאַרכיע. סאָוויעט־רוסלאַנד איז געהאַסט פון אַלע אירע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, מער פון אַלץ פון אירע אוקראַינער — אַזוי ווי עסטרייך־אונגאַרן איז געווען מער פון אַלעם געהאַסט פון די טשעכן — און אויב עס קומט היינט צו אַ נייער וועלט־מלחמה, וועט פון דער היינטיקער קאָמוניסטיש־סטאַ־ליניסטישער אימפּעריע זיכער פאַרבלייבן ניט מער פון דעם וואָס איז פאַרבליבן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה פון עסטרייך־אונגאַרן. אַ קליין נעבעכדיק מלוכהלע ווי דאָס היינטיקע עסטרייך.

עס איז אינטערעסאַנט צו זען, אַז נאָכדעם ווי מצרים האָט אַרויסגעטריבן די רוסן, האָט זיך סאָוויעט־רוסלאַנד ניט געשעמט צו אידענטיפיצירן זיך מיט סיריע און איראַק, וועלכע ווערן אפילו אין דער אַראַבישער וועלט באַטראַכט אַלס נעסטן פון דער ברוּ־טאַלסטער רעאַקציע. עס איז אמת, אַז נאָר צווישן די מערדערס פון איראַק קאָן מען געפינען פאַרשוויגען, וואָס מען קאָן פאַרגלייכן מיט אַ מערדער ווי סטאַלין. מאַרקסיזם אין איראַק! לעניניזם אין סיריע! און דאָס אַלץ נאָכדעם ווי סאַדאַט, דער פּרעזידענט פון מצרים, האָט אָן שום צערעמאָניעס אַרויסגעטריבן די „מאַרקסיסטן" און „לעניניסטן". נאָר דערפאַר ווייל עס גייט אָן די מלחמה צווישן די יידן און די אַראַבער האָט מען גערעדט — און אַזוי וויניק — וועגן דעם רוסישן פענאָמען. די מלחמה און די בלוט־פאַרגיסונג וועלן מסתמא אינגיכן זיך ענדיקן, אָבער דאָס רוסישע בייז־וווּנדער וועט פאַרבלייבן הונדערט יאָר אין זכרון.

די שרעקלעכע דראַמע האָט אויך אַ פּאָזיטיוון עלעמענט. סאָ־וויעט־רוסלאַנד האָט מיט אירע אויפטוען אַליין באַוויזן וואָס פאַר אַ ווערט עס האָבן אַלע רוסישע רייד וועגן שלום.

כלומרשט צופעליק דערמאָנען די נייעס־אַגענטורן די כמעט טעגלעכע פאַרגרעסערונג פון דעם סאָוויעטישן ים־פלאָט אין מיט־לענדישן ים. און באַלד נאָכדעם קומען די אַמעריקאַנער מעל־דונגען וועגן זייער וויכטיקע פאַרגרעסערונגען פון דעם אַמע־ריקאַנער אַזוי־גערופענעם זעקסטן פלאָט. די דאָזיקע נייעס זענען

קורצע. אָבער זיי באַטייטן אפשר מער ווי אַלע נייעס פון דעם מצ־ריש־ישראלדיקן פראָנט. מיר ווילן זיך דאָ ניט אָפּשטעלן אויף די איינצלהייטן פון דעם סאָוויעטישן שפּיל אין דעם מיטלענדישן ים. עס איז גענוג צו זאָגן, אַז דאָ וועט קומען אויך דער סוף צו דעם שפּיל, ווייל דער קרעמל מאַכט דאָ דעם גרעסטן טעות, מיי־נענדיק אַז דער באַספּאָרוס וועט שטענדיק זיין אַן אָפענע טיר פאַר דעם שפּאַצירן פון דעם שוואַרצן ים אין מיטלענדישן ים אַהין און צוריק.

די היינטיקע געשעענישן אין נאָענטן מזרח זענען אַ פאָרשפּיל צו די קומענדיקע געשעענישן אין דעם מיטלענדישן ים. זיי, די קומענדיקע קאַמפן אין דעם מיטלענדישן ים וועלן איבערשטייגן אַלץ וואָס מיר זעען היינט אין דעם נאָענטן מזרח. אַלע געלטער און קרעדיטן וואָס די סאָוויעטישע רעגירונג זוכט אין אַמעריקע זענען אויסגערעכנט אויף די קומענדיקע געשעענישן, וואָס מען פּרוווט איצט צו פאַרשווייגן. אַלע אינטריגעס פון דער היינטיקער גאָליסטישער רעגירונג אין פראַנקרייך זענען פאַרבונדן מיט דעם וואָס דאָ וועט געשען. אין פראַנקרייך גופא גיט מען זיך אָפּ אַ דין־וחשבון וועגן די געפערלעכע אינטריגעס. פּאָמפּידו גרייט זיך צו אַ נייער באַגעגעניש מיט ברעזשניעוון, אָבער סיי אין באָן און סיי אין לאָנדאָן טרייסלט מען זיך אָפּ פון דער פראַנצייזישער דיפּלאָ־מאַטיע, אַן אויסגעשפּראָכן אַנטי־אַמעריקאַנער און פּראָ־סאָוויע־טישער. אַלע טריקן פון פּאָמפּידו ווערן נאָכגעפאָלגט מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט...

(„לעצטע נייעס", דעם 12־טן דעצעמבער 1973)

# רוסישע „מלחמה און שלום"

אין רוסלאַנד, ווי באַקאַנט, האָט מען זיך שטענדיק געצאַצקעט מיט טאָלסטאָי'ס באַרימטן ראָמאַן „מלחמה און שלום". דאָס גרויסע מייסטערווערק איז אייגנטלעך אַ דאָקומענט, וואָס האָט פּאַראייביקט דעם שאַנד־פלעק אויפן נאָמען פון רוסלאַנדס אַלטן רעזשים. אויב נאַפּאָלעאָן איז געווען אַ געפערלעכער אַוואַנטוריסט און האָט אָנגעהויבן זיין קאַמפּאַניע קעגן רוסלאַנד ניט קוקנדיק אויף דעם אויפשטאַנד קעגן פראַנקרייך אין אָקופּירטן שפּאַניע און איז שפּעטער ווי אַן אַוואַנטוריסט אַנטלאָפן פון דער ברענענדיקער מאָסקווע, איז אַלעקסאַנדער דער ערשטער, דער קראַסאַוויעץ און „באַפרייער" פון אייראָפּע געווען אויך ניט קיין קלענערער אַוואַנ־טוריסט, אַן אַקטיוו־באַטייליקטער אין דעם מאָרד פון זיין פאָטער, פּאַוועל דער ערשטער, אַ גאַלאַנטער רוסיש־אַזיאַטישער מיסטיקער. זיין הויפּט־באַראַטער איז געווען אַ גענעראַל אראַקטשעיעוו, וועמענס אידעאַל איז געווען פאַרוואַנדלען גאַנץ רוסלאַנד אין אַ מי־ליטערישן לאַגער. דער באַפרייער פון אייראָפּע האָט דאָס צוגע־גרייט דעם אויפשטאַנד פון די דעקאַבריסטן. ניקאָליי דער ערשטער האָט אַן שום צערעמאָניעס פאַרגאָסן פּעטערסבורג מיט טייכן בלוט.

דאָס איז אויך געווען דער אָנהייב פון דעם מאַרטירער־וועג פון דעם רוסישן יידנטום, אַ וועג אָן אַ סוף. די ערשטע „פּאָלאָ־זשעניע אָ יעווריעאַך" (דער סטאַטוס פון די יידן) איז געווען אין די צייטן פון דעם צאַר אַלעקסאַנדער דעם ערשטן, אויב איך מאַך ניט קיין טעות, אין 1804. נאָך דעם אויפשטאַנד פון די דעקאַ־

בריסטן האָט זיך צעשפּילט די אַזיאַטסקע פאַנטאַזיע פון ניקאָליי דעם ערשטן און זיינע קליקעס. יידן האָבן דערפילט די גרויזאַמ־קייט פון די מאָנגאָלישע באַרבאַרן אין איראָפּעאישע קליידער... ני־קאָלאַיעווּשטשינע !...

**
*

יאָ, דאָס איז שוין הונדערט מאָל געזאָגט געוואָרן און ווידער און ווידער איבערגעחזרט געוואָרן, אָבער מען קאָן ניט אויפהערן. די היינטיקע מלחמה אין נאָענטן מזרח איז אַ מלחמה פון רוסלאַנד קעגן דעם יידנטום, ניט נאָר קעגן מדינת ישראל, נאָר קעגן דעם יידנטום. מען לייענט די צייטונגען, מען הערט דעם ראַדיאָ, מען קוקט אין טעלעוויזיע, אָבער איך זע זיך פּנים אל פּנים מיט דעם איינגעבויגענעם מאַקסים גאָרקי, וועלכער זאָגט מיר, — אַ קורצע צייט פאַר זיין טויט, — מיט אַ געבראָכענער שטימע: „אונדזער פאָלק האָט ניט קיין געוויסן"...

ניט מער און ניט ווייניקער. די ראָמאַנאָוו־דינאַסטיע האָט דערצויגן דאָס פאָלק און געמאַכט עס פאַר באַרבאַרן.

אויב מדינת ישראל זאָל עקסיסטירן מוזן יידן ווי עס איז מאַכן שלום מיט די אַראַבער. ניט דריי און ניט דרייצן מיליאָנען יידן וועלן קאָנען פירן אייביק אַ מלחמה קעגן הונדערט מיליאָן מח־מדאַנער. וואָס די היימישע סטראַטעגן זאָלן ניט זאָגן וועט אַלץ זיין פאַלש און ניט רעאַליסטיש, אויב מען וועט נישט געפינען קיין וועג צו אַ סטאַבילן שלום מיט די אַראַבער. זיי, די אַראַבער, האָבן איצט באַקומען אַ נייע לעקציע און וועלן זיין געצוווּנגען איינגיין אויף קאָמפּראָמיסן. דאָ איז ניטאָ קיין אויסוועג ניט פאַר די יידן און ניט פאַר די אַראַבער. אַ פאַרשטענדיקונג צווישןביידע צדדים אין אַ „קאָנדיציאָ סינע קוואַ נאָן". עס מוז קומען צו אַ פאַר־שטענדיקונג.

אָבער אַ פאַרשטענדיקונג מיט איוואַן איוואַנאָוויטש איז ניט מעגלעך אַזוי לאַנג ווי דער היינטיקער רעזשים וועט הערשן אין סאָוויעט־רוסלאַנד. עס איז נישט קיין פראַגע צי ברעזשניעוו האַלט

אָדער האַלט ניט זיין וואָרט. ברעזשניעוו אַליין איז אין אַ קלעם און קאָן פאַרשווינדן אַ ליאַדע טאָג. עס איז אַ פראַגע פון דעם מער־דערישן רעזשים ווו אַ גרעטשקאָ, דער שעף פון קריגס־מיניסטע־ריום, פאַקטיש דער שעף פון דער גאַנצער סאָוויעטישער אַרמיי, האָט מער צו זאָגן ווי ברעזשניעוו, קאָסיגין און פּאָדגאָרני צוזאַ־מענגענומען.

דאָס וואָס איז געשען בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, דאָס וואָס איז געשען מיטן רוסישן יידנטום בשעת דער צווייטער וועלט־מלחמה און בשעת דער הערשאַפט פון סטאַלינען, גאַנץ באַ־זונדערס דאָס וואָס איז איצט געשען בשעת דער עגיפּטיש־סירישער מלחמה קעגן מדינת ישראל איז גענוג כדי צו קומען צום אויספיר, אַז מיר שטייען פאַר אַ קאַמף פאַר אונדזער עקסיסטענץ און אַז מיר האָבן צו טאָן מיט אַ רעזשים פון מאָרד און גזילה.

מיר קאָנען זיך דאָ ניט אָפּשטעלן אויף דעם גאַנצן פּלאָנטער פון דער סאָוויעטישער אויסערן־פּאָליטיק, פון וועלכער די פּאָ־ליטיק אין נאָענטן מזרח איז נאָר אַ טייל. מיר רעדן נאָר וועגן יידישע אינטערעסן, ווייל זיי ווערן דירעקט באַדראָט פון דעם רוסישן שאַנטאַזש און פון דער רוסישער עקספּאַנסיע אין אַלע ריכטונגען. פאַר רוסלאַנד זענען שוין ניט גענוג צוויי פראָנטן, זיי גרייטן שוין דעם פראָנט אין מיטלענדישן ים און אין דעם אינ־דישן אָקעאַן. זיי פירן אינטריגעס מיט פראַנקרייך, מיט די אַפרי־קאַנישע לענדער, מיט אַלערליי קאָמופלירטע, האַלב־ אָדער דריי־פערטל קאָמוניסטישע אָרגאַניזאַציעס — דאָס אַלץ זייענדיק אי־בערצייגט, אַז קיינער ווייסט ניט פון זייער שפּיל און קיינער פאַר־שטייט ניט זייערע כוונות.

די געשיכטע אָבער האָט איר אייגענע לאָגיק. די געשיכטע לאָזט זיך ניט פאַרפירן. דער שאָס אין סאראיעווא האָט געפירט צום פולשטענדיקן צוזאַמענברוך פון דער עסטרייך־אונגאַרישער אימפעריע .די אַלטע אָטאָמאַנישע אימפעריע איז זיך צעפאַלן בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה נאָך איר שפּילן זיך מיט איר

דייטשער ווילהעלמינישער פריינדשאַפט. אויך סאָוויעט־רוסלאַנד וועט טייער באַצאָלן פאַר איר פּאָליטיק.

דאָס איז ניט קיין טרייסט פאַר אונדז און אויך ניט קיין דורשט נאָך נקמה. מיר וועלן דערוואַרטן דעם משפּט פון דער געשיכטע...

פּ. ס.

ווען די שורות זענען געשריבן געוואָרן האָט די פראַנצייזישע רעגירונג געלאָזט וויסן, אַז פּרעזידענט פּאָמפּידו, דער קליינער דע גאָל וואָס וויל נאָכמאַכן דעם גרויסן דע גאָל, האָט אַרויסגע־שיקט בריוו צו אַכט רעגירונגען מיט דעם פאָרשלאַג צו פאַראיי־ניקן זיך און צוזאַמען רעאַגירן אויף דער אַמעריקאַנער־רוסישער אַקציע אין נאָענטן מזרח. דער בריוו פון פּאָמפּידו איז לעכערלעך און פּראָוואָקאַטיוו. פּאָמפּידו וואָלט שוין געדאַרפט וויסן, אַז זיין פּאָליטישער פּרעסטיזש איז אונטער נול און אַלע ווייסן, אַז פראַנק־רייך האָט שוין „רעאַגירט”. וואָס וויל אייגנטלעך פּאָמפּידו: זוכט ער מער שטאָף פאַר זיינע אינטריגעס אָדער מער פּרעסטיזש פאַר זיך און פראַנקרייך גופא?

דער בריוו פון פּאָמפּידו האָט ניט קיין גרעסערן ווערט, ווי דאָס פּאַפּיר אויף וועלכן ער איז געשריבן געוואָרן...

(„לעצטע נייעס”, דעם 9־טן נאָוועמבער 1973)

# דער פּראָוואָקאַטאָר

דאָס מיאוסע וואָרט „פּראָוואָקאַטאָר" האָט באַקומען אינטער־נאַציאָנאַלע פּאָפּולאַריטעט הויפּטזאַכלעך אַ דאַנק די רוסישע רעוואָ־לוציאָנערע באַוועגונגען. אַ גרויסער „סטאַר" איז געווען דער באַרימטער נעטשאיעוו, וועלכער האָט אָנגעהויבן זיין קאַריערע פון אַ רעוואָלוציאָנער אַלס גוטער פריינד, שיעור, שיעור ניט אַלס אינטימער פריינד פון באַקונין, דעם אַנאַרכיסט און קעמפער אויף באַריקאַדן. דער האַלב־משוגענער חברה־מאַן איז געווען פעאיק צו באַגיין יעדעס פאַרברעכן און איז באַגאַנגען שרעקלעכע פאַר־ברעכנס — אַלץ צוליב זיין רעוואָלוציאָנערן אידעאַליזם און באַ־קונין האָט שפּעטער אָפּגעטרייסלט זיך פון אים — צו שפּעט.

צום באַדויערן, זענען צווישן די רוסישע רעוואָלוציאָנערן די פּראָוואָקאַטאָרן געווען אויך יידן. דער מערדער פון דעם פּרעמיער־מיניסטער סטאָליפּין איז געווען דער ייד באָגראָוו, וועלכער איז געווען אַ סאָציאַל־רעוואָלוציאָנער און גלייכצייטיק אַן אַגענט פון דער געהיימער פּאָליציי. ער האָט דערשאָסן סטאָליפּינען אין דער אָפּערע פון קיעוו פאַר די אויגן פון ניקאָליי דעם צווייטן.

דער גרעסטער פון די רעוואָלוציאָנערע פּראָוואָקאַטאָרן איז געווען דער ייד אזעף, וועלכער איז געווען דער העכסטער שעף פון דער „באַיוווקע" פון די סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן און גלייכ־צייטיק אַן אַגענט פון דער אָכראַנע. ער האָט אומגעבראַכט אַלס אַגענט אַ סך רעוואָלוציאָנערן, אָבער דערפאַר אָרגאַניזירט דעם מאָרד פון גרויספירשט סערגיי אַלעקסאַנדראָוויטש, דעם גענעראַל־

גובערנאַטאָר פון מאָסקווע, אַווילדע בעסטיע און אַ בלוטיקער שונא ישראל. אַ באָמבע, געוואָרפן פון קאַליסעס האָט אים צעריסן אויף שטיקער.

אַז אזעף איז געווען אַן אַגענט־פּראָוואָקאַטאָר האָט באַשטעטיקט דער דירעקטאָר פון פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט לאָפּוכין אין אַ שמועס מיט דעם באַקאַנטן היסטאָריקער פון די רוסישע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען בורצעוו. עס האָט דעמאָלט געמאַכט אַ געוואַלדיקן רושם אין רוסלאַנד און אין אַלע צענטערן פון דער וועלט.

איך וואָלט באַגאַנגען אַ גרויסע זינד אויב רעדנדיק וועגן די רוסישע רעוואָלוציאָנערע פּראָוואָקאַטאָרן, וואָלט איך ניט דערמאָנט דאָ מאַלינאָווסקי, דעם פּערזענלעכן פּאַרטרויאונגס־מאַן פון וולאַדימיר איליטש לענין. איך האָב געהאַט דעם זכות צו זען אים יאָרנאַלנג אַזוי גוט ווי יעדן טאָג ווען ער איז געווען אַ דעפּוטאַט אין דער לעצטער דומע און דער פירער פון אַ צענדלינג באָלשעוויקעס, זייענדיק אַן אַגענט פון דער אָכראַנע, דאָס הייסט, אַ באַצאָלטער פּראָוואָקאַטאָר.

עס זענען אַוועק איבער זעכציק יאָר! זינט דעם טאָג ווען ראָדזיאַנקאָ, דער פּרעזידענט פון דער דומע, האָט איבערגעריסן די נאָכמיטאָג־זיצונג און גערופן צו זיך אין קאַבינעט דעם סעניאָרן־קאָנווענט, דאָס הייסט, פּאַרטרעטער פון אַלע פּאַרטיי־גרופּירונגען, כדי זיי לאָזן צו וויסן, אַז ער האָט באַקומען אַן אָפיציעלע באַשטעטיקונג, אַז מאַלינאָווסקי איז אַן אַגענט פון דער אָכראַנע, אַ פּראָוואָקאַטאָר. זיינע „רעדעס" זייער רעוואָלוציאָנערע, פלעגט מען שרייבן פאַר אים אין דעם פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט. ווי נאָר ער פלעגט זיי איבערלייענען פון דער טריבונע, איז ער באַלד געקומען צו לויפן אין דער פּרעסע־לאָזשע און פאַרגעשלאָגן זיין סחורה וואָס קיין מענטש האָט ניט געוואָלט צורירן זיך צו איר. איך געדענק דעם טאָג, אַזוי ווי דאָס וואָלט געשען ערשט נעכטן. מאַלינאָווסקי איז אַנטלאָפן דעם אייגענעם טאָג, אָבער געקומען צוריק ווען די באָלשעוויקעס האָבן איבערגענומען די מאַכט. מען האָט אים געמשפּט — אין אָנוועזנהייט פון לענין — און דערשאָסן...

איך דערצייל דאָס אַלץ ניט כדי די לייענער זאָלן געניסן פון דעם קרימינאַל־ראָמאַן, נאָר כדי יידן זאָלן פאַרשטיין די סובסטאַנץ פון דער רוסישער נשמה, די אַזוי פיל באַזונדערע רוסישע „דושא". די דאָזיקע „דושא" איז אויף אַלץ פעאיק. זי קאָן אין דער אייגענער צייט זוכן קרעדיטן און האַנדלס־פּריווילעגיעס און געהיים באַוואָפּענען די אַראַבישע לענדער און פּראָוואָצירן אַ מלחמה, מען מוז דאָך זיך פרעגן ווי אַזוי איז אַזאַ קאָמבינאַציע מעגלעך?

אָבער ווען לענין האָט געקאָנט האָבן אַ פאַרשטענדיקונג מיט דעם דייטשן גענעראַל־שטאַב בשעת דייטשלאַנד האָט פאָגראָמירט רוסלאַנד, פאַרוואָס האָט מאַלינאָווסקי נישט געקאָנט זיין אַ באָלשע־וויסטישער דעפּוטאַט און גלייכצייטיק אַן אַגענט פון דער אָכראַנע און אַ פּראָוואָקאַטאָר? אויסלענדער, וואָס האָבן ניט געלעבט אין רוסלאַנד, זאָגן זיך אָפּ צו גלייבן, אַז דאָס איז אמת וואָס מען דער־ציילט.

בשעת ברעזשניעוו איז געווען אין וואַשינגטאָן און געפּרעדיקט „דעטאַנט", דאָס הייסט, „לאָמיר זיך איבערבעטן", איז קאָסיגין געפלויגן אין די אַראַבישע לענדער און זיך באַראַטן ווי אַזוי אַמ־בעסטן צו איבעררײַסן די יידעלעך, אָבער אַזוי איבעררײַסן זיי, אַז זיי זאָלן שוין קיין מאָל ניט קאָנען קומען צו זיך. ווען מען האָט זיי געכאַפּט די גנבים בשעת דער גניבה האָט דער אייגענער ברעזשניעוו גערדראָט, אַז ער וועט „פאַרניכטן" מדינת ישראל, ניט מער און ניט ווייניקער. און אַלץ גייט ביי זיי צוזאַמען: מיטלענ־דישער ים, אינדישער אָקעאַן, קורילן־אינדזלען, מאָנגאָליע, פּראַג, בודאַפּעשט, נאָרוועגישע באַזעס, וואָס איר ווילט...

מען וויל פאַרשטיין, אָבער עס איז שווער צו באַנעמען פּסי־כאָלאָגיש דעם רוסישן פענאָמען. די אַוואַנטורע אין נאָענטן מזרח איז נאָך ניט פאַרענדיקט און שוין גרייט מען זיך צו אַ נייער אַוואַנטורע.

עס ווערט זייער ווייניק געשריבן וועגן דעם וואָס עס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין דער נאַכט פון 25־טן אָקטאָבער ווען פּרעזי־

דענט ניקסאָן האָט דעקלאַרירט כמעט קריגס־צושטאַנד פון אַלע אַמעריקאַנער מיליטערישע כוחות. דאָס איז געווען נאָכדעם ווי ער האָט באַקומען פון ברעזשניעוון אַ גראָביאַנסקע דראָאונג, אַז ער איז גרייט צו מאַרשירן מיט פּאַראַשוטיסטן און פאַרניכטן ישראל. ווען אַלע איינצלהייטן וועלן ווערן באַקאַנט וועט מען וויסן, אַז מיר זענען געווען ערב אַ מלחמה צווישן אַמעריקע און סאָוויעט־רוס־לאַנד, אפשר נאָר פינף מינוטן פאַר דער מלחמה...

וואָס דער קרעמל האָט זיך אין יענע טעג דערלויבט קאָן מען דערקלערן נאָר מיט דער מענטאַליטעט פון פּראָוואָקאַטאָרן. „אַזוי איז עס שטענדיק געווען — אַזוי וועט עס שטענדיק זיין" — דאָס איז אַ כלל וואָס ניט קיין אַנדערער ווי סטאַליפּין האָט דע־קלאַרירט. אַ שעה נאָכדעם ווי ניקאָליי דער צווייטער האָט זיך געלאָזט איבעררעדן פון דעם קריגס־מיניסטער סוכאָמלינאָוו און האָט אונטערגעשריבן דעם דעקרעט וועגן אַן אַלגעמיינער מאָבי־ליזאַציע — פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה — האָט ער געהייסן אָפּשטעלן די מאָביליזאַציע, אָבער עס איז געווען צו שפּעט. ער האָט געוווסט, אַז ער האָט אונטערגעשריבן זיין טויט־ אָדער זיין זעלבסטמאָרד־אורטייל. דאָס אייגענע האָט זיך איצט אָפּגעשפּילט אין דעם קרעמל, ווען ברעזשניעוו האָט באַפוילן צו מאָביליזירן די פּאַראַשוטיסטן. ער וועט איצט האָבן צו „זינגען און צו זאָגן". ניט נאָר יידן ווייסן, נאָר אַלע ווייסן, אַז דער אינטערנאַציאָנאַלער שלום־קאָנגרעס אין מאָסקווע איז געווען ניט מער ווי אַ מאַסקאַראַד און אַז אַלץ ווערט געטאָן כדי צו פאַרשלייערן די צוגרייטונג צו אַ גרויסן פּאָגראָם.

אין דעם פּאַריזער בלאַט „לע מאָנד" (פון 3־טן נאָוועמבער) איז דערשינען אויף דער ערשטער און דריטער זייט אַ סענסאַציאָ־נעלער אַרטיקל אונטער דעם טיטל: „וואָס איז געשען דעם 25־טן אָקטאָבער?" דער אַרטיקל דערציילט אויספירלעך וועגן די רו־סישע צוגרייטונגען צו אַ גרויסער מלחמה. פון דעם אַרטיקל פאַר־שטייט מען, אַז דער מחבר ווייסט אַ סך מער ווי ער דערציילט. דער אַרטיקל באַווייזט, דרך אגב, אַז די פראַנצייזישע עפנטלעכע מיינונג

לאָזט זיך ניט פּאַרפירן פון דער פּראָ־רוסישער און פּראָ־אַראַבישער פּאָליטיק פון דער פראַנצייזישער רעגירונג. פראַנקרייך איז היינט אין די הענט פון אַ גאָליסטישער רעגירונג, וועלכע רעכנט זיך ניט מיט דער עפנטלעכער מיינונג פונעם לאַנד, אָבער דאָס איז, ווי געזאָגט, אַ קאַפּיטל פאַר זיך.

אין צענטער פון דער אויפמערקזאַמקייט פאַרבלייבט דער מאָסקווער קרעמל און זיינע מושלים...

(„לעצטע נייעס״, דעם 23־טן נאָוועמבער 1973)

# רוסלאַנד אויפֿן וואַסער!

ס'איז געשען אין סאָוויעט־רוסלאַנד דאָס אייגענע וואָס איז געשען אין זיין צייט מיט דייטשלאַנד, בשעת דאָס לאַנד איז געווען אונטער דער הערשאַפט פון ווילהעלם דעם צווייטן. אויף אַלע ימים איז דעמאָלט גרויסבריטאַניע געווען די דאָמינירנדיקע ים־מאַכט און עס איז געווען אוממעגלעך פאַרצושטעלן זיך, אַז וועלכע ס'איז אַנדערע גרויסמאַכט וועט פרווון צו בויען אַ קאָנקורירנדיקן ים־פלאָט און אויפטרעטן ווי אַ וועלטמאַכט. אָבער ווילהעלם דער צווייטער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון אַ פאַרשטענדיקונג מיט ענגלאַנד און האָט אָנגעשריבן אויף אַ ראַפּאָרט וועגן דעם פאָרשלאָג פונעם קעניג עדוואַרד דער זיבעטער, אַז „מיר נעמען ניט קיין מתנות פון ענגלישע הענט".

דער ענגלישער אָנבאָט איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן און די קליקע פונעם דייטשן אַדמיראַל טירפּיץ האָט זיך גענומען בויען דעם נייעם דייטשן פלאָט. דער קייזער האָט פּראָקלאַמירט, אַז „די צוקונפט פון דייטשלאַנד איז אויף דעם וואַסער". צו די נאָענטע פריינד פונעם קייזער האָט געהערט אויך דער יִיד באַלין, דער בויער און דער שעף פון דער האַמבורג — אַמעריקע ליניע. ווען דער דייטשער ים־פלאָט איז געשלאָגן געוואָרן אין דער שלאַכט ביי יוטלאַנד און דייטשלאַנד האָט פאַרלוירן די מלחמה צוזאַמען מיט די רעשטלעך פון דעם נייעם פלאָט, האָט באַלין געליטן פון אַ שרעקלעכן עגמת־נפש און האָט זיך דערשאָסן...

סאָוויעט־רוסלאַנד קאָן ניט פאַרטראָגן, אַז אַמעריקע איז היינט

די גרעסטע מאַכט אויף די ים׳ען. סאָוויעט־רוסלאַנד בויט אַזעלכע שיפן, קריגס־שיפן, און ספּעציעל אונטער־וואַסער־שיפלעך, באַ־וואָפנט מיט אָפענסיווע אַטאָמישע מכשירים. סאָוויעט־רוסלאַנד זוכט אַמעריקאַנער קרעדיטן און בכלל הילף פון אַמעריקע, כדי צו קאָנען שלאָגן אַמעריקע. אין אַלע ים׳ען געפינען זיך אָפענע אָדער געהיימע רוסישע ים־באַזעס. אין אינדישן אָקעאַן, ניט ווייט פון כינע, אין מיטלענדישן ים, אין מורמאַנסק, ניט ווייט פון נאָרוועגן, אין צפון־ים, ניט ווייט פון ענגלאַנד.

עס פעלט נאָר דאָס פּראָקלאַמירן פון דעם כלל:

— רוסלאַנדס צוקונפט ליגט אויף דעם וואַסער!...

עס זענען אַוועק זיבעציק יאָר זינט רוסלאַנד האָט בשעת דער מלחמה מיט יאַפּאַן געשיקט אַ ריזיקע עסקאַדרע אין דעם ווייטן מזרח אונטער דער קאָמאַנדע פון צוויי אַדמיראַלן ראָזשדיעסטוויענסקי און נעבאָגאַטאָוו. עס איז פאָרגעקומען די באַרימטע שלאַכט ביי די ברעגן פון יאַפּאַן, באַקאַנט אונטער דעם נאָמען די שלאַכט ביי צוסימאַ. די רוסישע עסקאַדרע איז באַגעגנט געוואָרן פון די יאַפּאַ־נער אונטער דער פירערשאַפט פון אַדמיראַל טאָגאָ און איז בוכ־שטעבלעך אין גאַנצן פאַרניכטעט געוואָרן. עס איז ניט געווען קיין שלאַכט, עס איז געווען איין גרויסער פּאָגראָם. די גאַנצע וועלט האָט מיט שפּאַנונג נאָכגעפאָלגט די לאַנגע רייזע פון דער ריזיקער רוסישער עסקאַדרע און איז דערשיטערט געוואָרן באַקומענדיק די נייעס וועגן איר פאַרניכטונג. די רוסישע שיפן זענען איינע נאָך דער אַנדערער דערטרונקען געוואָרן אָן שום שאַנסן צו ראַטעווען אַ טייל פון דער עסקאַדרע.

רוסלאַנד האָט געהאַט אין זינען „אָפּצורעכענען זיך" מיט די יאַפּאַנער פאַר דעם אויפרייס פון דער גרעסטער און מאָדערנסטער שיף „פּעטראָפּאַפּלאָווסק" אין פּאָרט־אַרטור. די שיף איז אויפגעע־ריסן געוואָרן, ווען דער בויער פון דער שיף אַדמיראַל מאַקאַראָוו, אַ באַרימטער אַדמיראַל, האָט געטרונקען אַ טיי מיט אַ וויכטיקן גאַסט, דעם גרויסן קינסטלער ווערעשטשאַגין, באַרימט אויך מיט

דער זעלטענער סעריע בילדער „נאַפּאָלעאָנס מאַרש אין רוסלאַנד". אַלץ וואָס די רוסישע אַרמיי און ספּעציעל דער רוסישער פלאָט, האָבן אונטערגענומען איז געווען פאַרמשפּט צו אַ פולשטענדיקער פאַרניכטונג. עס איז געווען צום ערשטן מאָל, אַז יאַפּאַן האָט מאַ־ניפעסטירט איר אויסערגעוויינטלעכע מאַכט און רוסלאַנד האָט געליטן איין מפּלה נאָך דער אַנדערער. די אָפּגעשטאַנענקייט פון דער רוסישער מאַכט, די אומפעאיקייט צו אַ גרויסן פאַרמעסט זענען געווען קלאָר. היינט פּראָקלאַמירט סאָוויעט־רוסלאַנד איר פּרע־טענזיע צו ווערן די גרעסטע ים־מאַכט אויף דער וועלט.. .

אמת, אַ סך זאַכן האָבן זיך געענדערט אין פאַרלויף פון די זיבעציק יאָר, אַ היפּש ביסל מלחמות זענען אויסגעקעמפט געוואָרן און געוואַלדיק גרויסע אָנשטרענגונגען אויף דעם געביט פון דער אַרמיי זענען געמאַכט געוואָרן. פון דעסטוועגן קאָן מען ניט פאַר־געסן די גרויסע הילף פון רוסלאַנדס פאַרבינדעטע בשעת דער צווייטער וועלט־מלחמה. אפילו אויב רוסלאַנד האָט זיך שטאַרק געענדערט און די רוסישע מאַכט איז אויסגעוואַקסן, איז עס צווייפל־האַפט, צי די רוסישע מאַרינע איז אין שטאַנד צו „דאָמינירן די ים'ען".

די פאַרגרעסערטע רוסישע באַוואָפענונג, צי זי דערגרייכט דעם צוועק וואָס דער נייער רעזשים אין דעם נייעם רוסלאַנד האָט זיך געשטעלט אָדער ניט, רופט אַרויס אַ גרויסע אומרו אין דער אויסנוועלט, הויפּטזאַכלעך ווייל אין דער אייגענער צייט איז סאָ־וויעט־רוסלאַנד באַטייליקט אין די אַנטוואָפענונגס־פאַרהאַנדלונגען.

מיר האָבן גערעדט פריער וועגן דער רוסיש־יאַפּאַנער מלחמה. דאַרפן מיר אויך געדענקען, אַז באַלד נאָך יענער מפּלה איז אויס־געבראָכן אַ סעריע פון גרויסע פּאָגראָמען אויף יידן. עס איז געווען דער אָנהייב פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע. די רעגירונג האָט געגלייבט, אַז זי וועט דערטרינקען אין יידישן בלוט דעם דראַנג פון דעם פאָלק צו פרייהייט. די פּאָגראָמען פון 1905 זענען געווען דער אָנזאָג פון אַ גרויסער איבערקערעניש נאָך די מפּלות

אין ווייטן מזרח פון אַזיע. פון יענער צייט און ביז צום היינטיקן טאָג גייט אָן צוזאַמען מיט אַ מאָביליזאַציע און צוגרייטונגען צו אַ נייער מלחמה אַ פּאָגראָם־באַוועגונג קעגן יידן. עס איז ניטאָ קיין שום צוזאַמענהאַנג צווישן די צוויי געשעענישן, אָבער אַזוי איז דאָס שטענדיק געווען אין רוסלאַנד...

# א י נ ה אַ ל ט:

## צווייטער טייל:

זייט

## סאָוויעט־רוסלאַנד און די יידן

# ווערק פון וולאַדימיר גראָסמאַן

## י י ד י ש

געאָרג בראַנדעס און פעטער קראָפּאָטקין
אַמאָל און היינט
מענטשן און פּראָבלעמען
וועלט־יידנטום אין דער וועלט־פּאָליטיק

## ע נ ג ל י ש

פּאַן־דזשערמאַניק וועב (פּאַן־גערמאַניזם)
די סאָל איז קאָלינג (די ערד רופט)
דריי בענדער קאַנעדיען דזשואיש יירבוק
(קאַנאַדער יידיש יאָרבוך)

## ד ע נ י ש

קאָזאַקלאַנד
דע גאַמלע רוסלאַנד אָ דע ניע
(דאָס אַלטע רוסלאַנד און דאָס נייע)
פּאַריז (געקרוינט מיט אַ פּרייז)
קאָרסווייען (אויפן קרייצוועג), דראַמע.

צוגעגרייט צום דרוקן:

„אָרט" — אינטערנאַציאָנאַל
„אָרט" אין שוועדן

